פ. ליבמאן.

# צו דער קאאפעראטיווער בעוועגונג.

Типографія Б. А. Клецкина, Вильна, Завальная 33.

# אינהאלט:

אַ וועבשטול, שפּינדלעך, בערשט א. ד. גל., אָהן וועלכע ער [illegible] ניט וועבען, בעשעפֿטיגט ער זיך אַליין מיט פּראָדוצירען עפּעס, מיט אויסאַרבייטען דאָס טוך; זיין פּראָדוקציאָנס־טהעטיגקייט איז ערשט דאַן פֿערענדיגט, בעת ער טראָגט אָב דאָס טוך אין געוועלב פֿון דעם סוחר, אָדער אין שטוב פֿון דעם בעשטעלער, פֿאַר וועלכען ער האָט געאַרבייט. אַז ער געהט נאָכדעם און קויפֿט זיך ברויט, שטיוועל אָדער אַ ציהרונג פֿאַר זיין ווייב, דאַן איז דיזער איינקויף שוין געווענדעט נישט צו פּראָדוצירען טוך, נור ראשית כל אונטערצוהאַלטען און אָנגענעהמער צו מאַכען דאָס לעבען, ד. ה. צום פֿערברויך, צום קאָנסום. געוויס זענען פּראָדוקציע און פֿערברויך ענג פֿערבונדען צווישען זיך; מען אַרבייט אום צו לעבען, און מען לעבט אום צו אַרבייטען; פֿונדעסטוועגען זענען עס, פֿערשטעהט זיך, צוויי בעזונדערע זאַכען: אַ סך פּראָדוצירען הייסט נאָך ניט אַ סך פֿערברויכען, און אַ סך פֿערברויכען איז אַודאַי נישט דאָס זעלבע, וואָס אַ סך פּראָדוצירען.

אַלע מינים עקאָנאָמישע טהעטיגקייט, אין וועלכע יעטוועדער פֿון דער ברייטער פֿאָלקס־מאַסע ווערט עקספּלואַטירט, קענען אַלזאָ איינגעטיילט ווערען אין צוויי גרופּען: ערשטענס, זיין פּראָדוקציאָנס־טהעטיגקייט; און צווייטענס, זיין טהעטיגקייט, וואָס איז געווענדעט פֿריהער ווי אַלץ אויף זיין פֿערברויך, אויף זיין קאָנסום. און אויף אַזאַ אופֿן קענען די קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען אויך איינגעטיילט ווערען אין צוויי גרויסע קאַטעגאָריעס, לויט דער טהעטיגקייט זייערער: ערשטענס, פֿעראיינען צו שיצען געגען עקספּלואַטאַציע די פּראָדוקציע פֿון „קליינעם מענשעלע", און צווייטענס, פֿעראיינען צו שיצען געגען עקספּלואַטאַציע זיין פֿערברויך, זיין קאָנסום. די לעצטע רופֿט מען קורץ: קאָנסום־פֿעראיינען.

לאָזענדיג דערווייל די קאָנסום־פֿעראיינען אָן אַ זייט, וועלען מיר זיך פֿריהער צוקוקען נעהנטער צו די קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען, וועלכע האָבען דעם צוועק צו שיצען די פּראָדוקציע.

קודם כל מוז מען זעהען: וועמענס פּראָדוקציע זאָלען זיי צו שיצען? די פּראָדוקציע פֿון וואָס פֿאַר אַ קלאַס פֿערטיידיגען זיי? און אין דער הינזיכט דאַרף מען פֿריהער ווי אַלץ אונטערשיידען צווישען קאָאָפּעראַטיווען פֿון מיטעלשטאַנד און קאָאָפּעראַטיווען פֿון אַרבייטער־קלאַס.

אין ערשטען פֿאַל האָבען מיר צו טאָן מיט אַ פֿעראיין, וואָס בעשטעהט פֿון קליינע אייגענטימער, און וואָס זוכט צו בע-

שיִצען די פּראָדוקציע פוּן מיִטעלשטאַנד, זי זאָל נישט ווערען עקספּלואַטירט און רואינירט דורך דעם גרויסען קאַפּיטאַל; דער פערא‎יין פוּן קליינע איינגענטימער זוכט, אַז זיי זאָלען נישט עקספּלואַטירט ווערען, אָבער זוכט גאָר נישט, זיי זאָלען אַנדערען נישט עקספּלואַטירען, זיי זאָלען פוּן זייער זייט נישט האַלטען קיין געדונגענע אַרבייטער און נישט ציהען פוּן זיי מעהרווערט; אַזאַ פעראיין בלייבט אייגענטליך קאַפּיטאַליסטיש, ווייל ער שאַפט אָב די עקספּלואַטאַציע פוּן אויבען, אָבער נישט פוּן אונטען; ער איז אויך העכסט קאָנסערוואַטיוו, ווייל ער זוכט צו בעהאַלטען די קליינע פּראָדוקציע, וועלכע ווערט אַליין מעהר רואינירט דורך דעם גרויסען קאַפּיטאַל.

אין צווייטען פאַל האָבען מיר פאַר זיך אַ פעראיין פוּן אַרבייטער, וואָס אָנשטאָט צו אַרבייטען אַלס געדונגענע מענשען ביים קאַפּיטאַליסט, אַרבייטען זיי זעלבסטשטענדיג. אַזאַ פעראיין זוכט אַלזאָ צו בעזייטיגען דעם יסוד גופא פוּן יעדער עקספּלואַטאַציע, די געדונגענע אַרבייט; ער שטרעבט אָנשטאָט דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס איז געבויט אויף געדונגענע אַרבייט, איינצופיהרען אַן אַנדערע, אַ סאָציאַליסטישע, וואָס זאָל געפיהרט ווערען דורך זעלבסטשטענדיגע, פריי-פעראייניגטע אַרבייטער. אַזאַ פעראיין איז אַלזאָ לויט זיין צוועק העכסט-רעוואָלוציאָנער.

ווי מיר זעהען, זענען ביידע מינים קאָאָפּעראַטיווע פעראיינען גאַנץ ענטגעגענזעצטע זאַכען: איינער זוכט צו שטיצען די איצטיגע סאָציאַלע אָרדנונג, דער צווייטער — שטרעבט צו אַ נייער, צו אַן אָרדנונג, וואו אַרבייט איז בעפרייט פוּן דער הערשאַפט פוּן קאַפּיטאַל.

אין ערשטען פאַל, זאָג איך, איז דאָס אַ פעראיין פוּן מיטעלשטאַנד. איך זאָג ניט פוּן „קליינבירגערטום“, ווייל מיט'ן וואָרט קליינבירגערטום מיינט מען געוועהנליך דעם קליינעם אייגענטימער אין שטאָדט. קאָאָפּעראַטיווע פעראיינען ווערען אָבער געגרינדעט נישט נור דורך די שטעדטישע קליינע אייגענטימער, נור אויך דורך די דאָרפישע, דורך די פּויערים. די קאָאָפּעראַטיווען האָבען זיך נאָך פיעל מעהר ענטוויקעלט צווישען די פּויערים, ווי צווישען די שטעדטישע קליינבירגער. די זעלבע מינים פעראיינען האָבען אויך אין דאָרף אָנגענומען אַנדערע פאָרמען ווי אין שטאָדט, און בעת די שטעדטישע קליינבירגערליכע פעראיינען שטרעבען געוועהנליך צו שטיצען די קליינע אינדוסטריע, שטרעבען די פּויערשע קאָאָפּעראַטיווען צו שטיצען הויפּטזעכליך די קליינע לאַנדווירט-

שאַפֿט. מיר דאַרפֿען אַלזאָ נישט צוזאַמענמישען די קליינבירגערליכע אין ענגען זין פֿון וואָרט מיט די פּויערשע.

לויט די צוועקען, וועלכע זיי שטעלען זיך, לויט די קלאַסען־אינטערעסען, וועלכע זיי פֿערטיידיגען, לויט די געזעלשאַפֿטליכע עלעמענטען, וועלכע זיי פֿעראייניגען, — קען מען אַלזאָ די קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען צו שטיצען די פּראָדוקציע איינטיילען אין דריי קאַטעגאָריעס: קליינבירגערשע אין ענגען זין פֿון וואָרט, פּויערשע און אַרבייטער־פֿעראיינען.

## II. קליינבירגערשע קאָאָפּעראַטיווען.

פֿון וואָס ליידט דער קליינער איינענטימער? קורץ גערעדט, בעשטעהט זיין צרה אין דעם, וואָס איהם קאָסט זיין פּראָדוקט אַ סך טייערער איידער דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט, און פֿערקויפֿען מוז ער עס אָפֿטמאָל נאָך ביליגער, ווי די גרויסע אונטערנעהמער: ער מוז אָפֿטמאָל זיין פּראָדוקט פֿערקויפֿען דוקא דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט (דעם „סוחר“), וועלכער שטעלט אויף דעם פּראָדוקט זיין פירמע און פֿערקויפֿט עס נאָכדעם טייערער, געוועהנליך אין אַנדערע געגענדען.

די קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען, אויב זיי ווילען, דער קליינער פּראָדוצענט זאָל נישט ווערען עקספּלואַטירט, זיין פּראָדוקציע זאָל איהם טראָגען נישט ווייניגער, ווי דאָס, וואָס ער האָט אין איהר אַריינגעלעגט אונטער דער פֿאָרם פֿון געלד און אַרבייט, דאַרפֿען אַלזאָ שטרעבען, אַז דער פּראָדוקט זאָל דעם קליינעם פּראָדוצענטען קאָסטען ביליגער, און פֿערקויפֿען זאָל ער עס קענען פֿאַר אַ העכערען פּרייז, ווי ביז איצט. וואָס קען מען טאָן דערצו?

די גלייכסטע עצה פֿאַר די קליינבירגער וואָלט, פֿערשטעהט זיך, געוועזען, זיי זאָלען צוזאַמענגיסען זייערע קליינע קאַפּיטאַלען און אָנשטאָט אַ גאַנצע מאַסע קליינעטשקע וואַרשטאַטען, גרינדען איין גרויסע אונטערנעהמונג, אין וועלכע יעדער זאָל אַריינלעגען זיין אַרבייט און זיין ביסעל קאַפּיטאַל. אַנדערש גערעדט, די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען צו גרינדען אַ פֿעראיין אָנצופֿיהרען די פּראָדוקציע צוזאַמען און אויף דעם אַלגעמיינעם חשבון פֿון די מיטגלידער, אָדער ווי מען רופֿט עס געוועהנליך, גרינדען אַ פּראָדוקציאָנס־פֿעראיין. דער פּראָדוקציאָנס־

פּערייען וואָלט גענעבען די קליינע בעלי־בתּים'לעך אַלע מעלות פון דער גרויס־אינדוסטריע, פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטער־נעהמונגען.

ליידער אָבער איז דער שטעדטישער קליינבירגער צו וועניג פעהיג צו אַזאַ געמיינזאַמער טהעטיגקייט: זיין גאַנצע עקזיסטענץ, זיין גאַנצעס „האַנדלען און וואַנדלען", ווי די דייטשען זאָגען, האָט אין איהם איינגעפּלאַנצט אַ טיעפען געפיהל פון נישט־צוטרוי צו זיינע „חברים" פון פאַך און צו מענשען בכלל; ער איז זעהר וועניג פעהיג צו אַזאַ מין טהעטיגקייט, וואָס פאָדערט אַ שטאַרקען געפיהל פון סאָלידאַ־ריטעט; ער איז, אַחוץ דעם, צופיעל דורכגעדרונגען מיט דעם בע־גריעף פון זיין בעל־הבית'ישער „זעלבסטשטענדיגקייט", ער זאָל זיך קענען אָבזאָגען פון צו זיין אַ „בעל־הבית פאַר זיך" און געהען ווערען ערגיץ אַ שטיקעל רעדעל פון אַ גאַנצער מאַשין. איהר וועט דערפאַר, בכלל גענומען, פאַר קיין פאַל נישט פועל'ן ביי אַ קליינבירגער, ער זאָל זיך פרייוויליג אָבזאָגען פון זיין „זעלבסטשטענדיגקייט", און ער זאָל ווערען חבר מיט זיינע איצטיגע קאָנקורענטען, וואָס וואָלטען דעם לעצטען בּיסען פון מויל איהם אַרויסרייסען. און אויסער אַלץ, איז ער סתם ניט געוועהנט צו אַ וועלכער נישט איז דיסציפּלין; אָהן דעם קען אָבער אַ פּראָדוקציאָנס־פּערייין בשום אופן זיך ניט האַלטען.

די קליינבירגערליכע פּראָדוקציאָנס־פּערייינען זענען טאַקי צוליעב אַלעם דעם און צוליעב נאָך אַנדערע סבּות אַנ־אויסערסט זעלטענע ערשיינונג. אַ געוויסער טייל פון די רוסישע „אַרטעלען" געהערען צו דיזען טיפּ קאָאָפּעראַטיווע פּערייינען. דאָס זענען די „אַרטעלען", וואו נור אַ טייל פון די אַרטעלשציקעס זענען די בעלי־בתּים, וואָס זיי געהערען געוויסע פּראָדוקציאָנס־מיטעל און די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען, און וואו דער אַנדערער טייל בע־שטעהט פשוט פון געדונגענע אַרבייטער. איינגענטליך רופט מען אַזעלכע פּערייינען „אַרטעלען" גאָר אומזיסט, וואָרום צו די אמת'ע רוסישע „אַרטעלען" האָבען זיי קיין שום שייכות ניט, אויסער דעם נאָמען, וואָס דער עולם גיבּט זיי. קליינבירגערליכע פּראָדוקציאָנס־פּערייינען געפינען מיר אויך אין אַ געוויסער צאָהל אין דייטשלאַנד. נור אַפילו אין דיזען קלאַסישען לאַנד פון דער קליינבירגערליכער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג געפינען מיר זיי אויך נור אויסערסט זעלטען.

נור אויב נישט קיין פּראָדוקציאָנס־פּערייין, מוז מען אַלזאָ גרינדען אַזעלכע פּערייינען, וואָס זאָלען מעהר אָדער וועניגער שטי־צען דעם קליינבירגערס פּראָדוקציע און וואָס זאָלען אין דערזעלבער

צײַט לאָזען איהם „װעלבסטשטענדיג", א בעל־הבית פֿאַר זיך. דיזען צוועק שטעלען זיך פֿאָלגענדע פֿעראײַנען:

1. פֿעראײניגען צום אײנקויף פֿון פּראָדוקציאָנס־מיטלען. זאָל טאַקי יעדער פּראָדוצירען פֿאַר זיך און אויף זײַן אײגענעם חשבון; פֿאַרוואָס זאָלען אָבער די קלײנבירגער אײנקויפֿען די פּראָדוקציאָנס־מיטעל, די אינסטרומענטען, רויהע מאַטעריאַלען א. ד. גל., יעדערער בעזונדער, און צאָהלען פֿאַר יעדע זאַך טײַערער, ווי דער גרויסער קאַפּיטאַליסט? פֿאַר וואָס זאָלען זיי זיך ניט פֿעראײניגען אײנצוקויפֿען זייערע רויהע מאַטעריאַלען אַן־גראָ? יעדע זאַך וועט זיי דאַמאָלס קאָסטען פֿיעל ביליגער. און דאָס טהוט טאַקי דער פֿעראײן צום אײנקויף פֿון פּראָדוקציאָנס־מיטעל: ער קויפֿט זיי אײן אַנגראָ און צוטײלט עס נאָכדעם צווישען די מיטגלידער לויט די אַנגראָ־פּרײַזען. דעם קלײנעם פּראָדוצענט קאָסט דורך דעם זײַן פּראָדוקט פֿיעל ביליגער.

2. פֿעראײניגען צו פֿערקויפֿען די אויסגעארבײטע פּראָדוקטען. לאָמיר נעהמען צ. ב. דעם קלײנעם וואַרשעווער שוך־פּראָדוצענט, אָט דעם „פֿערמיטלער" אָדער „ספּאָדניק", ווי מען רופֿט איהם אין וואַרשוי. ער אַלײן קען נישט דעם רוסלענדער מאַרק, פֿאַר וועלכען ער אַרבײט; ער קען אויף זײַן אײגענעם חשבון קײן רײזענדער אַהין ניט שיקען, ער קען אַודאי נישט עפֿענען ערגיץ אין סיביר, אויף קאַווקאַז א. ד. גל. א געוועלב, וואו עס זאָלען זיך פֿערקויפֿען זײַנע שיך; ער פֿערקויפֿט דעריבער זײַנע שיך דעם וואַרשעווער „סוחר", פֿאַר וועלכען עס אַרבײטען נאָך צעהנדליגע אַזעלכע „ספּאָדניקעס", און דער סוחר פֿערקויפֿט עס דערנאָך די שיך אין רוסלאַנד, אין סיביר, קאַווקאַז א. ז. וו. פֿאַרוואָס זאָלען אָבער די קלײנבירגער זיך נישט פֿעראײניגען, כדי דירעקט צו פֿערקויפֿען זייערע פּראָדוקטען דאָרטען, וואו מען פֿאָדערט זיי? די קלײנע וואַרשעווער שוך־פּראָדוצענטען קענען אַלזאָ פֿעראײניגען זיך און גרינדען אײן פֿירמע, וואָס זאָל בײַ יעדען פֿון זיי אָבנעהמען די אויסגעאַרבײטע שיך און וואָס זאָל עס נאָכדעם פֿערקויפֿען דירעקט אין רוסלאַנד. דורך אַזאַ פֿעראײן ווערט דער קלײנבירגער זײַן אײגענער סוחר און ער קריגט פֿאַר זײַנע שיך א סך אַ העכערען פּרײַז, ווי בעת ער וואָלט עס פֿערקויפֿען דעם אָרטיגען „סוחר", און יענער וואָלט זיי ערשט פֿערקויפֿט אויפֿ'ן רוסלענדער פּלאַץ; דער גאַנצער ריוח פֿון דעם גרויסען סוחר וואָלט דורך דעם געגרינדעטען פֿעראײן בלײַבען בײַ די קלײנע שוך־פּראָדוצענטען. דיזען לעצטען מין

פֿעראײנען בעגעגענט מען נישט זעלטען אין דײטשלאַנד. מען רופֿט דאָרטען געוועהנליך דיזע פֿעראײנען מאַגאַזין-גענאָסענשאַפֿטען. דער נאָמען שטאַמט פֿון דעם, וואָס די קלײנע פּראָדוצענטען (אַם מײסטען סטאָלערס, יובעלירען, זײגערמאַכער א. ד. גל.), וועלכע בילדען דעם פֿעראײן, האָבען אַ בשותּפֿות'דיגע קראָם, אַ געמײנזאַמען מאַגאַזין, וואו זײערע סחורות ווערען פֿערקויפֿט. צום ערשטען יאַנואַר 1909 זענען אין גאַנץ דײטשלאַנד געוועזען 96 אַזעלכע פֿעראײנען. פֿאַר דײטשלאַנד איז דאָס אָבער אויסערסט ווייניג.

פֿאַרוואָס האָבען די פֿעראײנען צו פֿערקויפֿען די אויסגעאַרבײטע פּראָדוקטען, אָדער די „מאַגאַזין-גענאָסענשאַפֿטען“ זיך אויך נור ווייניג ענטוויקעלט, איז נישט שווער צו פֿערשטעהן. כּדי אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווען זאָלען קענען עקזיסטירען, איז נויטווענדיג, אַז די קלײנע פּראָדוצענטען זאָלען ניט קאָנקורירען אײנער מיט דעם אַנדערן אָדער מיט'ן פֿעראײן. פֿאַר דעם קלײנבירגער אָבער איז אינגאַנצען אָבזאָגען זיך פֿון קאָנקורענץ כּמעט אונמעגליך, און אַפֿילו געהערענדיג צו אַזאַ פֿעראײן, זוכט ער פֿונדעסטוועגען צו פֿערקויפֿען אַ „שטיקעל סחורה“ עטוואָס בילינגער און בעהאַלטענערהײט פֿון פֿעראײן, אַבי עפּעס צו פֿערדינען פֿון דער זײט אויך. דאָס איז געוועהנליך דער פֿאַל, בעת די סחורה ווערט פֿערקויפֿט דורכ'ן פֿעראײן אויפֿ'ן אָרט גופֿא, וואו עס געפֿינען זיך די קלײנע פּראָדוצענטען. נור הויפּטזעכליך פּאַסירט דאָס אין אַ קריזיס-צײט, ווען דער פֿעראײן קען נישט פֿערקויפֿען גאָר די סחורה, וואָס זײנע מיטגלידער קענען אויסאַרבײטען. און די מאַגאַזין-גענאָסענשאַפֿטען צופֿאַלען זיך געוועהנליך, ווי עס קומט נור אָן די ערשטע קריזיס-צײט.

אַ סך לײכטער צו פֿערווירקליכען און אַ סך אַ גרעסערען ערפֿאָלג האָבען אויך פּראַקטיש די פֿעראײנען צום אײנקויף פֿון פּראָדוקציאָנס-מיטעל. בײם פֿערקויפֿען איז אײן קלײנבירגער געצוואונגען צו קאָנקורירען מיט'ן צווײטען, ווײל ער האָט מורא, דאָס אויב יענער וועט פֿערקויפֿען, וועט ער שוין ניט קענען, — בײם אײנקויף איז דער שרעק ניטאָ; ער דאַרף ניט מורא האָבען, דאָס אויב דער צווײטער וועט קויפֿען אַ שטיק לעדער, וועט שוין פֿאַר איהם ניט בלײבען; קײנער, געוועהנליך, רײסט זיך ניט צו קויפֿען דווקא דער ערשטער. דער פֿעראײן צום אײנקויף ברײנגט אויף אַזאַנ'אַרט דעם קלײנבירגער נור נוצען און פֿאָדערט פֿון זײן זײט קײן שום קרבן נישט. און אין דער ווירקליכקײט געפֿינען מיר אַזעלכע פֿעראײנען אין אַלע אײראָפּעאישע לענדער: אין עסטרײך, אין פֿראַנק-

רײַך, אין איטאַליען, אין בעלגיען, נור הויפּטזעכליך אין דײַטשלאַנד. צום ערשטען יאַנואַר 1908 זענען אין דײַטשלאַנד געוועזען 451 פֿעראײַנען צום אײַנקויף פֿון פּראָדוקציאָנס-מיטעל און גאַנץ פֿיער הונדערט אַנדערע פֿעראײַנען מיט אַ פֿיעל ווייניג עהנליכען כאַראַקטער. צווישען דיזע פֿעראײַנען זענען פֿאַרהאַן אײניגע מיט אַזאַ גרויסער ווירקונג, דאָס די פֿאַבריקאַנטען האָבען אַפֿילו געהאַט געפֿאָדערט, דער געזעץ זאָל פֿערבאָטען די קלײנע בעל-מלאכות אײַנצוקויפֿען בשותּפֿות זייערע מאַטעריאַלען*). עס מוז אויך אָנגעמערקט ווערען, אַז פֿעראײַנען צום אײַנקויף אַן-גראָ, קענען געגרינדעט ווערען ניט נור דורך קלײנע בעלי-מלאכות, נור אויך דורך קלײנע קרעמערס. זיי וואָלטען אויך געקענט אויסמײַדען דעם אַנגראָ-סוחר, דעם הורטאָווניק, ווען זיי וואָלטען זיך פֿעראײניגען און גרינדען זייער אײגענעס אַנגראָ-געוועלב, וועלכעס וואָלט אײַנקויפֿען דירעקט בײַם פֿאַבריקאַנט און וואָלט נאָכדעם איבערגעבען די סחורה די מיטגלידער פֿון פֿעראײַן לויט די פֿאַבריק-פּרײַזען: דער גאַנצער רוח פֿון דעם גרויסען אַנגראָ-סוחר וואָלט בלײַבען בײַ די קלײנע קרעמערס.

3. נור דער וויכטיגסטער פֿון די קלײנבירגערליכע קאָאָפּעראַטיווע פֿעראײַנען איז דער פֿעראײַן פֿאַר געגענזײַטיגען קרעדיט. ס'איז לײַכט צו פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס גראָד דיזער מין קאָאָפּעראַטיווען האָט זיך צווישען די קלײנבירגער, צווישען די קלײנע בעל-מלאכות, די קלײנע קרעמער א. ז. וו. בעזונדערס ענטוויקעלט. ערשטענס, קײן זאַך דאַרף דער קלײנבירגער ניט אַזוי ווי קרעדיט. דער גרעסטער טייל צרות זײַנע דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס ער האָט קײן געלד נישט, ווען ער בעדאַרף. דער קרעדיט-פֿעראײַן שאַפֿט עס איהם אויף אַ געוויסע צײַט און ביז אַ געוויסער סומע.

דער קרעדיט איז אָבער ניט קײן אומזיסטער; פֿערקעהרט, דער קרעדיט-פֿעראײַן אָדער די פֿאָלקס-באַנק, ווי מען רופֿט עס אין געוויסע ערטער, נעהמט דערפֿאַר אַ גוטען פּראָצענט: נישט קײן פּראָצענט פֿון וואָכערניקעס, פֿערשטעהט זיך, אָבער געוועהנליך אַ העכערן פּראָצענט, ווי דער דיסקאָנטע-קורס אין די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע בענק, צו וועלכע דער קלײנבירגער האָט אָדער גאָר קײן צוטריט ניט, אָדער נור זעהר אַ בעגרענצטען. דורך דעם בעקומט ווידער די פֿאָלקסבאַנק די מעגליכקײַט צו צאָהלען יענעם, וואָס לעגט בײַ איהם אַרײַן זײַן געלד, אויך אַ הויכען פּראָצענט. דעם קלײנביר-

*) Ch. Gide Economie sociale, 1905, p. 415.

גער, די דינסט־מיידלעך, ארבייטער, קליינע בעאמטע א. ד. גל., ווען זיי האבען עפעס אבגעשפארטעס געלד, לוינט אויף אזא אופן ארייגצו־לעגען זייער געלד אין אזעלכע פאלקס־בענק. די אינטערעסען פון דעם, וואס האט דאס ביסעל געלד, און פון דעם, וואס בעדארף עס, ווערען אלזא ביידע בעפרידיגט דורך דעם קרעדיט־פעראיין: ער איז פאר איינעם א שפאר־קאסע און פאר דעם צווייטען — א לייה־קאסע. אויסערדעם, דער קליינבירגער, וואס לעגט היינט ארייז זיינע אבשפארונגען אין פעראיין, קען אין א קורצע צייט ארום אליין דארפען לייהען ביים פעראיין. די מיטגלידערשאפט אין פעראיין איז דורכדעם פאר'ן קליינבירגער בעזונדער נוצליך.

שווער איז עס געוועהנליך נור אין אנפאנג, בעת דער פעראיין האט נאך ניט גענוג צוטרוי פון דער בעפעלקערונג, זי זאל אהין ארייגלעגען איהר אבגעשפארטעס געלד. נור געוועהנליך קומט די מלוכה, די ארטיגע געמיינדע אדער אנדערע איינריכטונגען, וואס זוכען אונטערצוהאלטען דעם מיטעלשטאנד, צו הילף דעם פעראיין אין אנפאנג פון זיין ארבייט, דורך א הלואה אויף א לאנגע צייט אדער דורך א פשוט'ע שטיצע, אדער אויף אנ'אנדער עהנליכען אופן. עס איז דערפאר קיין וואונדער ניט, וואס די קליינבירגערליכע קרעדיט־פער־איינען האבען דערגרייכט א הויכע שטופע פון ענטוויקלונג אין אלע אהן אויסנאהם קאפיטאליסטישע לענדער. די מוטערלאנד פון קליינבירגערליכע קרעדיט־פעראיינען איז אבער געווען און געבליבע־בען דייטשלאנד.

דער פאטער, דער טעארעטיקער און פראקטיקער, פראפאגאנ־דיסט און ארגאניזאטאר פון די דייטשע קרעדיט־פעראיינען איז גע־ווען שולצע־דעליטש, דער בעוואוסטער געגנער פערדינאנד־לאסאל'ס. די פעראיינען, וואס ער האט געגרינדעט, האבען געדינט אלס מוסטער פאר די נאכדעמדיגע קליינבירגערליכע קרעדיט־פער־איינען נישט נור אין דייטשלאנד, נור אויך אין אנדערע לענדער און צווישען זיי אויך אין רוסלאנד. די קרעדיט־פעראיינען פון שולצע־דעליטש בילדען אלזא דעם וויכטיגסטען טיפ פון קליינבירגערליכע פעראיינען. די יסודות, די פרינציפען, אויף וועלכע די שולצע־דעליטש קרעדיט־פעראיינען זענען געבויט, זענען פאלגענדע:

1) אונבעגרענצטע פעראנטווארטליכקייט פון אלע מיטגלידער פאר די געלדער, וואס זענען דעם פעראיין פערליהען געווארען, פאר די דעפאזיטען, וואס מען האט אין פער־איין אריינגעלעגט; דורך דעם קען די בעפעלקערונג האבען גענוג

צוטרױ צום פֿעראײן און קען זײַן פֿערזיכערט, אַז דאָס געלד, װאָס זי װעט אַהין אַרײַנלעגען, װעט ניט פֿערפֿאַלען געהן. 2) מיטגליעדער=אַקציעס פֿון הױכען װערטה (אָפֿטמאָל ביז טױזענד מאַרק יעדע), װעלכע קענען אָבער אױסגעצאָהלט װערען ביסלעכװײַז; דאָס דאַרף דערװעקען דעם גײַכט פֿון שפּאָרזאַמקײַט בײַ די מיטגליעדער, שטופּען זײ צו פֿערגרעסערן זײערע אָבשפּאָרונגען ביז אַ רעכט גרױסער סומע. 3) אַ הױכער פּראָצענט אױף די הלואות, װאָס דער פֿעראײן גיט אַרױס, און דורכדעם אױך אַ הױכער פּראָצענט פֿאַר די, װאָס לעגען זײערע געלדער אין פֿעראײן אַרײַן. 4) דער רוח, װאָס בלײַבט בײַם פֿעראײן נאָך זײַנע קרעדיט=אָפּעראַציעס, װערט פֿונאַנדערגעטײלט צװישען די מיטגליעדער פּראָפּאָרציאָנעל נאָך דעם צאָהל אַקציעס, װאָס יעדער פֿון זײ האָט.

פֿון דיזע פּרינציפּען איז קלאָהר, װי װײַט אַזעלכע „קאָאָפּעראַטיװען" זענען פֿון דעם קאָאָפּעראַטיסטישען אידעאַל. נישט נור דאָ װערט נישט בעזײַטיגט די עקספּלואַטאַציע פֿון דעם אַרבײטער דורך דעם קלײנבירגער — דאָס טהוען דאָך בכלל נישט די קלײנבירגערליכע קאָאָפּעראַטיװען — נור דאָ װערט אפילו ניט בעזײַטיגט די עקספּלואַטאַציע פֿון די קלײנבירגער גופא; פֿערקעהרט, זײ גיבען די מעגליכקײַט די רײַכערע קלײנבירגער גאַנץ גוט צו עקספּלואַטירען די אָרימערע. די אָרימערע קריגען טאַקי אַ געװיסען קרעדיט (װאָס אָהן איהם יואָלטען זײ געמוזט אָנקומען צו װאָכערניקעס און נאָך מעהר עקספּלואַטירט װערען), אָבער זײ צאָהלען דערפֿאַר אַ העכערען פּראָצענט, װי דער גרױסער קאַפּיטאַליסט; די פֿונאַנדערטײלונג פֿון דעם רוח צװישען די מיטגליעדער פּראָפּאָרציאָנעל נאָך דער צאָהל אַקציעס און נישט צװישען די, װאָס האָבען אין פֿעראײן גענומען אַ הלואה, פּראָפּאָרציאָנעל נאָך די פּראָצענט=סומען, װאָס זײ האָבען אױסגעצאָהלט, מאַכט, דאָס דיזע קרעדיט=פֿעראײנען אונטערשײדען זיך גאַנץ װעניג פֿון פּשוט'ע קאַפּיטאַליסטישע אַקציען=געזעלשאַפֿטען.

די גרעסטע מעהרהײט דײַטשע קרעדיט=פֿעראײנען פֿון שולצע=דעליטש'עס טיפּ געהען אַרײַן אין אײן אַלגעמײנעם פֿערבאַנד, װעלכער האָט אין יאָהר 1907 אַרומגענומען 956 קרעדיט=פֿעראײנען מיט 557,451 מיטגליעדער; דער קאַפּיטאַל פֿון דיזע פֿעראײנען האָט אױסגעמאַכט 181 מיליאָן מאַרק; זײער רעזערװ=קאַפּיטאַל 76 מיליאָן; דער קאַפּיטאַל, װאָס מען האָט אין דיזע פֿעראײנען אין פֿערלױף פֿון יאָהר אַרײַנגעלעגט, האָט אױס=

געטראָגען אונגעפֿעהר 950 מיליאָן (דאָס ווײַזט אונז, ווי גרויס איז דער צוטרוי צו זײ), און די הלואות, וואָס דיזע פֿעראײנען האָבען אין פֿערלויף פֿון יאָהר אַרויסגעגעבען, האָבען אויסגעמאַכט גאַנצע דרײַ מיט אַ האַלב מיליאַרד (3.476.000.000).

עס מוז פֿונדעסטוועגען אָנגעמערקט ווערען, דאָס מיט די הלואות פֿון דיזע קרעדיט-פֿעראײנען האָט זיך אין דײַטשלאַנד, ווי אין אַנדערע לענדער (דאָסזעלבע אויך אין רוסלאַנד), בענוצט ניט נור די שטעדטישע, נור אויך די דאָרפֿישע בעפֿעלקערונג. אין דײַטשלאַנד העכער אַ דריטעל פֿון די הלואות פֿאַלט אויס אויף די דאָרפֿישע אײַנוואוינער.

ווילען מיר איצט מאַכען דעם סך הכל פֿון דער שטעדטישער קלײנבירגערליכער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג, דאַן קומען מיר צום בעשלוס:

1) פֿון אַלע קאָאָפּעראַטיווען, וואָס שטרעבען צו שטיצען די קלײנבירגערליכע פּראָדוקציע, האָבען דערלאַנגט צו אַן'אַלגעמײנער און ברײטער ענטוויקלונג נור די קרעדיט-פֿעראײנען.

2) די קלײנבירגערשע קרעדיט-פֿעראײנען זענען מעהר קאַפּיטאַליסטישע, ווי קאָאָפּעראַטיווע אײַנריכטונגען, און דער קרעדיט, וואָס דער קלײנבירגער קריגט דורך זײ, קאָסט איהם טײַערער, ווי דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט.

3) די שטיצע, וואָס די קלײנבירגערליכע פּראָדוקציע קריגט אין דער ווירקליכקײַט דורך די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, איז בשום אופֿן נישט אים שטאַנד זי צו שיצען געגען דער קאָנקורענץ פֿון דער גרויס-אינדוסטריע. די קלײנבירגערליכע קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג קען אַלזאָ נור פֿערלענגערן דעם קאַמפּף צווישען גרויסען קאַפּיטאַל און קלײנבירגערטום, אָבער ענדיגען מוז זיך דער קאַמפּף מיט דעם נצחון פֿון דעם גרויסען קאַפּיטאַל.

לאָמיר זיך איצט צוקוקען צו דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג אין דאָרף.

## III. פּויערשע קאָאָפּעראַטיוועז.

קײן נײַע מינים קאָאָפּעראַטיווע פֿעראײנען וועלען מיר אין דאָרף נישט געפֿינען, ווײַל די קאָאָפּעראַטיווע מיטלען צו שטיצען די קלײנע לאַנדווירטשאַפֿט זענען אײגענטליך די זעלבע, ווי צו שטיצען די

קלײנע אינדוסטריע. פֿונדעסטוועגען האָבען די װעלבע מינים פֿעראײ־
נען אין דאָרף אָנגענומען עטװאָס אַנדערע פֿאָרמען און זיך אַנדערש
ענטוויקעלט, װי אין שטאָדט. די וויכטיגסטע סבה פֿון דעם איז
פֿאָלגענדע.

פֿון אײן זײט, איז אײן קלײנבירגער דעם צװײטען אַ סך אַ
דירעקטערער און נעהנטערער קאָנקורענט, װי אײן פּויער דעם אַנדערן.
אַ גרויסען טײל פֿון זײן חיונה ציהט דער פּויער נישט פֿון דעם,
וואָס ער פֿערקויפֿט, נור דירעקט פֿון זײן לאַנדווירטשאַפֿט. בעת
דער קלײנבירגער אין שטאָדט לעבט גור פֿון דעם, וואָס דער קונה קויפֿט
בײ איהם און נישט בײ זײן שכן; ס'איז גענוג זיך פֿאָרצושטעלען
צװײ קראָמען בשכנות און צװײ פּויערשע הײזלעך אײנס נעבען
דעם אַנדערן, כּדי זיך צו איבערצײגען, װי גרויס די קאָנקורענץ איז
צווישען די ערשטע צװײ און װי פֿערהעלטניסמעסיג קלײן זי איז
צווישען די לעצטע. — פֿון דער צװײטער זײט זענען די אינטערעסען
פֿון די פּויערים פֿון אײן דאָרף אַ סך מעהר צוזאַמענגעבונדען, װי
די אינטערעסען פֿון די קלײנבירגער פֿון אײן שטאָדט. אַ שׂרפֿה, אַ
האָגעל, אַ היישעריק, אַ טריקעניש א. ז. װ., וואָס רואינירט אײן
פּויער, איז געפֿעהרליך אויך פֿאַר דעם צווייטען, און די פּויערים
זענען דורכדעם געוועהנט זיך צו שיצען געגען פֿערשידענע אומ־
גליקען מיט פֿעראײניגטע קרעפֿטען. אַלס רעזולטאַט פֿון די אַל־
טעגליכע אינטערעסען, איז דער גײסט פֿון קאָנקורענץ בײ די פּוי־
ערים אַ סך װעניגער ענטוויקעלט, װי בײ די שטעדטישע קלײנבירגער;
פֿערקעהרט, דער גײסט פֿון אַחדות און סאָלידאַריטעט איז בײ די
פּויערים פֿיעל שטאַרקער.

אחוץ דעם, דאַרף מען נאָך אין אַכט נעהמען, דאָס בײם
שטעדטישען קלײנבירגערטום פּראָדוצירט געוועהנליך יעדערער נור
אײן בעשטימטען מין פּראָדוקטען: דער שוסטער — שיך, דער
שנײדער — בגדים א. ז. װ.; פֿערקעהרט יעדער פּויער פּראָדוצירט
געוועהנליך פֿערשידענע מינים: ער זייהט תּבוּאָה, ער האָ־
דעוועט אַ בהמה, ער האַלט היהנער און פֿערקויפֿט אײער א. ז. װ.;
פֿעראײניגענדיג זיך מיט זײנע שכנים, כּדי געמײנזאַם צו פּראָדו־
צירען אײן געוויסען מין פּראָדוקטען (לאָמיר זאָגען צו האָדע־
ווען בהמות), הערט דעריבער דער פּויער נאָך נישט אויף צו זײן
אין אַלע איבעריגע הינזיכטען גאַנץ זעלבסטשטענדיג; ער קען דערי־
בער צוזאַמען מיט זײנע שכנים גרינדען אַ פּראָדוקציאָנס־פֿעראײן

און בײַ דער זעלבער צײַט בלײַבען פֿונדעסטוועגען אַ „בעל־הבית פֿאַר זיך“.

די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג האָט אַלזאָ בײַ דעם דאָרפֿישען מיטעלשטאַנד אַ סך אַ פֿעסטערען יסוד, אַ פֿרוכטבאַרערען און בעסער צוגעגרייטען באָדען, ווי בײַם שטעדטישען קלײנבירגערטום. קײן וואונדער נישט, אַז די פּױערשע פֿעראײנען האָבען זיך אַ סך בעסער ענטוויקעלט, ווי די קלײנבירגערישע אין ענגען זין פֿון וואָרט.

אין פֿערשידענע לענדער געפֿינען מיר דעם וויכטיגסטען מין קאָאָפּעראַטיווע פֿעראײנען צו שטיצען די לאַנד־ווירטשאַפֿט, דעם פּױערשען פּראָדוקציאָנס־פֿעראײן (וואָס איז אין שטאָדט צו זוכען מיט ליכט); מיר געפֿינען אַ גאַנצע רײהע פּױערשע פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען אין דײַטשלאַנד, אין דער שווײץ (הויפּטזעכליך פֿעראײנען צו האָדעווען בהמות), אין עסטרײַך, אין איטאַליען, נור פֿערהעלטניסמעסיג מעהר ווי אומעטום — אין דענעמאַרק (כמעט אויסשליסליך פֿעראײנען צו פּראָדוצירען פּוטער און חזיר־פֿלײש). דער ערשטער פּױערשער פּראָדוקציאָנס־פֿעראײן איז אין דענעמאַרק געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1882, און אין יאָהר 1900 זענען שוין אין דעם קלײנעם דענעמאַרק געוועזען העכער טויזענד (1040) אַזעלכע פֿעראײנען, וואָס האָבען אַרומגענומען 150 טויזענד מיטגלידער, און וואָס האָבען אין פֿערלויף פֿון יאָהר פּראָדוצירט פֿאַר 180 מיליאָן פֿראַנק פּוטער פֿון מילך, וואָס האָבען געגעבען 585 טויזענד קיה; מיט דער סיוואָראָטקע ווערען דאָרטען געקאָרמעט חזירים, און די חזיר־פֿלײש, וואָס די דענישע פֿעראײנען האָבען אין פֿערלויף פֿון יאָהר פֿערקויפֿט, האָט אויסגעטראָגען 55 מיליאָן פֿראַנק.

דיזע פּאָר ציפֿער ווײַזען דײַטליך, צו וואָס פֿאַר אַ ענטוויקלונג עס זענען פֿעהיג צו דערלאַנגען, און האָבען אין געוויסע געגענדען שוין פֿאַקטיש דערלאַנגט, די פּױערשע פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען. די אַנדערע קאָאָפּעראַטיווען האָבען זיך נאָך מעהר ענטוויקעלט. נאָר איך מוז דאָ באַלד אויפֿמערקזאַם מאַכען אויף אַ כאַראַקטעריסטישע אײגענשאַפֿט פֿון די דאָרפֿישע קאָאָפּעראַטיווען: די פֿונקציעס, די אַרבײט פֿון די דאָרפֿישע פֿעראײנען, זענען ווייניג דיפֿפֿערענצירט, ווייניג פֿונאַנדערגעטײלט; אין שטאָדט האָט געוועהנליך יעדער פֿעראײן זײַן בעשטימטע בעשעפֿטיגונג, און פֿאַר יעדער מין אַרבײט איז געוועהנליך פֿאַראַן אַ בעזונדערער פֿעראײן; אין דאָרף פֿערקעהרט, נעהמט אויף זיך אײן און דערזעלבער פֿעראײן פֿער־

שיִערענע אַרבּייט. די קרעדיט־פֿעראיינען בּעשעפֿטיגען זיך אָפֿטמאָל מיט איינקויפֿען פּראָדוקציאָנס־מיטעל אַן־גראָ פֿאַר די פּויערים; אין דענעמאַרק, צ. בּ., זענען די פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען געוועהנליך אין דער זעלבּער צייט אויך פֿעראיינען צו פֿערקויפֿען (אויסער פּוטער און חזיר־פֿלייש) — אייער; זיי האָבּען דאָרטען אויך אַ „קאָאָפּעראַ־טיווען עקספּאָרט־פֿערבּאַנד", וועלכער פֿעראייניגט אַ העלפֿט פֿון די דענישע פֿעראיינען און וועלכער עקספּאָרטירט אייער אין אויס־לאַנד; אין 1900 איז דורך די דענישע פֿעראיינען פֿערקויפֿט גע־וואָרען פֿאַר 22 מיליאָן פֿראַנק אייער.

פֿונדעסטוועגען קען מען אויך אין דאָרף אונטערשיידען, אויי־סער די פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען, אויך: פֿעראיינען צו פֿערקויפֿען די אויסגעאַרבּייטע פּראָדוקטען, פֿעראיינען צום איינקויף פֿון פּראָ־דוקציאָנס־מיטעל און קרעדיט־פֿעראיינען.

ס'איז ניט נויטיג זיך לענגער אָבּצושטעלען אויף די וויכטיגקייט פֿון פֿעראיינען צו פֿערקויפֿען די אויסגעאַרבּייטע פּראָדוקטען פֿאַר'ן דאָרפֿישען פּויער. דער איינצעלנער פּויער איז כמעט קיינמאָל נישט אים שטאַנד צו טראַנספּאָרטירען זיינע פּראָדוקטען דירעקט דאָרטען, וואו זיי ווערען אַם מייסטען געפֿאָדערט, וואו דער פּרייז איז אויף זיי הויך; זיין בּיסעל אייער, מילך, פּוטער, תּבֿואה, וויין א. ד. ג. קען ער בּשום אופֿן נישט אַליין בּרענגען אין פֿרעמדע מדינות אָדער אין די ווייטליגענדע גרויסע שטעדט; ער מוז עס אַלעס פֿערקויפֿען אויפֿ'ן פּלאַץ פֿאַר שפּאָט־בּיליג. זיינע פּראָ־דוקטען קויפֿען אויף פֿערמיטלערס, וואָס פֿערקויפֿען עס ווייטער גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, וועלכע טראַנספּאָרטירען די פּראָ־דוקטען אַהין, וואו ס'איז פֿאַרהאַן די גרעסטע נאָכפֿראַגע אויף זיי; די מיליאַרדען, וואָס פֿערדינען דיזע אונטערנעהמער, וואָלטען גע־קענט בּלייבּען בּיי דער פֿיעל־מיליאָנענדיגער פֿעראָרעמטער פּויער־שער בּעפֿעלקערונג. און אַליך מעהר און מעהר פֿעראייניגען זיך די פּויערים, כּדי צוזאַמען און זעלבּסטשטענדיג, אָהן פֿערמיטלערס, צו פֿערקויפֿען זייערע פּראָדוקטען. איך האָבּ שוין געוויזען בּנוגע צו די דענישע פּויערים. דאָס זעלבּע קען מען אויך זעהן בּיי דער פּראָדוקציע פֿון וויין אין פֿראַנקרייך, פֿון פֿרוכט אין איטאַליען, קעז אין דער שווייץ א. ז. וו. א. ז. וו.

אויך די פֿעראיינען צום איינקויף פֿון פּראָדוק־ציאָנס־מיטעל זענען אין דאָרף מכּמה טעמים בּעזונדער וויכטיג. ערשטענס, דורכדעם, וואָס געוועהנליך בּעשעפֿטיגט זיך אַ גאַנצעס

דארף מיט די וועלכע מינים פראדוקציע. קען דער פעראיין איינקויפען די רויהע מאטעריאלען א סך אויף אמאל און אויף אזאנ'ארט קויפען עס פיעל ביליגער, ווי אין איינצעל-פערקויף (וואו דעם פויער קומט אויס צו קויפען זעהר אפט פון דער פינפטער האנד). צווייטענס, דער פויער קויפט געוועהנליך אזעלכע פראדוקטען, וואס איז לייכט צו פאלסיפיצירען (צ. ב. פערשידענע מינים זאאט, כעמישע מאטעריאלען אויסצובעסערן די ערד און דאס גלייכען); קויפענדיג איינצעלווייז, האט ער ניט די מעגליכקייט זיך צו איבערצייגען, צי האט מען איהם געגעבען רעעלע אדער געפעלשטע פראדוקטען; ער איבערצייגט זיך ערשט דאן, בעת עס וואקסט שלעכט אויף, ד. ה. בעת עס איז שוין צו שפעט. דער פעראיין אבער, וועלכער קויפט די פראדוקטען אין א גרויסער מאס, קויפט עס געוועהנליך פון דער ערשטער האנד, אויסמיידענדיג די גרעסערע און קלענערע סוחרים, פון וועלכע יעדער פערפעלשט אביסעל דעם פראדוקט; אויסערדעם, האט א פעראיין די מעגליכקייט אויפצוהאלטען א קליינע כעמישע לאבאראטאריע, וואו עס ווערען געפרובירט די פערשידענע מאטעריאלען, וועלכע שטעהען צום קויפען. נור אחוץ אלעם דעם, זענען דאך פאראן אזעלכע פראדוקציאנס-מיטעל, ווי צום ביישפיעל פערשידענארטיגע מאשינען, געביידען און אנדערע לאנדווירטשאפטליכע איינריכטונגען, וואס דער איינצעלנער פויער וואלט זיי קיינמאל ניט געקענט קויפען צוליעב זייער טייערקייט; וואס עס קען אבער ניט דער איינצעלנער פויער, און וואס דעם איינצעלנעם פויער וואלט גארנישט געלוינט, דאס קען יא און דאס לוינט יא פאר דעם גאנצען פעראיין.

די פעראיינען צום איינקויף פון פראדוקציאנס-מיטעל האבען זיך צוליעב אלעם דעם זעהר ענטוויקעלט, הגם דאס רוב זענען עס נישט קיין ספעציעלע פעראיינען. די לאנדווירטשאפטליכע פעראיינען טהוען עס געוועהנליך צווישען אנדערע זייערע ארבייט. אין פראנקרייך צ. ב. די איינקויפען פון די לאנדווירטשאפטליכע כעמישע מאטעריאלען זענען דורך די טעטיגקייט פון דיזע פעראיינען געפאלען נישט ווייניגער, ווי אויף 40—50 פראצענט*). אין איטאליען און אין אנדערע לענדער מאכען זיי אמת'ע איבערקעהרענישען אין דער טעכניק פון דער פויערשער לאנדווירטשאפט.

---

*) לויט די אנגאבען פון פראפעסאר זשיד.

דער פֿעראיין פֿאַר געגענזייטיגען קרעדיט איז אין דאָרף נישט וועניגער נויטווענדיג, ווי אין שטאָדט. „אין סאָך ליגט די מזל־ברכה, דער וואַהרער גליק פֿון לעבען, קיין זאַך מיר נישט פֿעהלט.... עס קומט אָן דער פֿריה־מאָרגען, איך דאַרף נישט קלערען, זאָרגען, איך דאַרף נישט לויפֿען באָרגען אויף טאָג־הוצאות געלד“ — אַזעלכע שענע לידעלעך וועגען דעם פּויערשען לעבען זינגען נור יענע, וועלכע האָבען קיינמאָל דעם פּויערס לעבען אין די אויגען ניט געזעהען, און וועלכע האָבען קיין שום בעגריף ניט וועגען דעם ביטערען אַגראַר־קריזיס, וואָס הערשט כמעט אין אַלע לענדער, וואו עס האָט זיך ענטוויקעלט די געלד־ווירטשאַפֿט און דער קאַפּיטאַליזם. אויב אין הערבסט אָדער אין ווינטער דאַרף דער פּויער פֿערהעלטנישמעסיג וועניג קרעדיט, דערפֿאַר אָבער צוזאַמען מיט'ן פֿריהלינג הויבען זיך אָן זיינע ביטערע דאגות. דער פּויער דאַרף האָבען געלד איינצוקויפֿען פֿערשיעדענע פּראָדוקציאָנס־מיטעל, צו צאָהלען פֿערשיעדענע שטייערן, אָפֿטמאָל צו קויפֿען לעבענס־מיטעל. אין אַ געוויסער הינזיכט איז ער נאָך מעהר געדריקט אין געלד, איידער דער שטעדטישער קליינבירגער. דער פּראָדוקציאָנס־ציקל, דער משך־צייט, וואָס געהט דורך צווישען דעם אָנהויב פֿון אַ וועלכע נישט איז שטיק־אַרבייט און ביז וואַנען מען קריגט בעצאָהלט פֿאַר דעם אויסגעאַרבייטען פּראָדוקט, דויערט ביים שטעדטישען קליינבירגער נור עטליכע טעג, אַמאָל דאָס אויך נישט; פֿון איין מאָל געלד קריגען ביזן צווייטען געהט ביי איהם דורך נור וועניג צייט; ער קען זיך דעריבער „דרעהען“ ווי נישט איז מיט זעהר וועניג געלד. דעם פּויערס פּראָדוקציאָנס־ציקל דויערט אָבער געוועהנליך אַ גאַנצעם יאָהר, און די גאַנצע לאַנגע צייט, ביז זיין פּראָדוקט ווערט פֿאַרטיג, מוז ער אָנקומען צו קרעדיט און צו קרעדיט אויף אַ רעכט לאַנגען טערמין. אין ערגיץ קריגט טאַקי דער וואָכערניק נישט אַזאַ שרעקליך הויכען פּראָצענט, ווי ביים פּויער. די פּויערשע פֿעראיינען האָבען אַלזאָ געמוזט לעגען אַ בעזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם לאַנדווירטשאַפֿטליכען קרעדיט.

ווי מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, בענוצט זיך דער פּויער אין אַ גרויסער מאָס אויך מיט די שטעדטישע קרעדיט־פֿעראיינען; דאָס נעהמט זיך הויפּטזעכליך פֿון דעם, וואָס קרעדיט דאַרפֿען געוועהנליך אין דאָרף אַלע כמעט אין דער זעלבער צייט, און דעריבער קענען טאַקי נישט די דאָרפֿישע קרעדיט־פֿעראיינען אַלעמען צופֿריעדענשטעלען אין אַ פֿולער מאָס. נור אַפֿילו די ספּעציעלע קרעדיט־

פֿעראײַנען, װאָס דאָס פֿויערטום האָט בעשאַפֿען, זענען אַלײן אַ סך פֿיעל־צעהליגער, הגם נישט אַזוי רײַך, װי די שטעדטישע.

אויך אין דעם פּרט, אין דער ענטװיקלונג פֿון די דאָרפֿישע קרעדיט־פֿעראײַנען פֿערנעהמט דײַטשלאַנד דעם ערשטען פּלאַץ. די ערשטע פּויערשע קאָאָפּעראַטיװע קרעדיט־פֿעראײַנען האָט אין דײַטשלאַנד געגרינדעט רײַפֿפֿײַזען (Raiffeisen). די פֿעראײַנען, װאָס ער האָט געגרינדעט, האָבען אין דאָרף אָבגעשפּיעלט אַזאַ ראָלע, װי שולצע־דעליטש'עס אין שטאָדט: זײ האָבען געדיענט פֿאַר אַ מוסטער, לויט װעלכען עס האָבען זיך נאָכדעם געגרינדעט פּויערשע קרעדיט־פֿעראײַנען אין דײַטשלאַנד, אין איטאַליען, אין בעלגיען און אין נאָך אַנדערע לענדער. די קרעדיט־פֿעראײַנען רײַפֿפֿײַזען'ס בילדען אויף אַזאַנ'אַרט אַ גאַנצען מין פֿעראײַנען, אויף װעלכע ס'איז װערט אַ רגע אַ קוק צו טאָן.

זײ זענען געבױט אויף פֿאָלגענדע פּרינציפּען: 1) אונבעגרענצטע פֿעראַנטװאָרטליכקײַט; 2) הלואות אויף אַ לאַנגען טערמין; 3) קלײנער פּראָצענט פֿון די הלואות, װאָס דער פֿעראײן גיט אַרױס; 4) מעגליך אומזיסטע פֿערװאַלטונג; 5) מיטגליעדערשאַפֿט דורך אַנאויסערסט־קלײנעם געלד־אײַנטראָג (די מיטגליעדערשאַפֿט איז אין אָנפֿאַנג געװעזען אינגאַנצען פֿרײַ פֿון אײַנצאָהלונגען אין פֿעראײן, די מלוכה האָט זײ אָבער געצװאונגען דעם פּונקט צו ענדערן); 6) קײן שום דיװידענד־פֿאַנאַנדערטײלונג צװישען די מיטגליעדער: די רוחים געהען אַלזאָ אויף פֿערגרעסערען דאָס גרונד־קאַפּיטאַל פֿון פֿעראײן.

ס'איז גענוג צו פֿערגלײַכען דיזע פּרינציפּען מיט די פּרינציפּען פֿון די שולצע־דעליטשעס־קרעדיט־פֿעראײַנען, אום זיך צו איבערצײַגען, װאָס פֿאַר אַ תהום עס ליעגט צװישען די בײדע מינים קרעדיט־פֿעראײַנען. אין אײנעם פֿון זײ שפּיגעלט זיך אָב דער כאַראַקטער און געזעלשאַפֿטליכע לאַגע פֿון דעם שטעדטישען קלײנבירגער, אין דעם צװײטען די סאָציאַלע לאַגע און די פּסיכאָלאָגיע פֿון דעם פּויער.

די דײַטשע רײַפֿפֿײַזענשע קרעדיט־פֿעראײַנען זענען אויך פֿעראײניגט אין אַנ'אַלגעמײנעם פֿערבאַנד (נײַװידער פֿערבאַנד), װעלכער האָט אין 1904 אַרומגענומען אַנ'ערך פֿיער טויזענד (3982) קרעדיט־פֿעראײַנען מיט 280.000 מיטגליעדער. — אויסער דעם עקזיסטירט אין דײַטשלאַנד נאָך אַ פֿערבאַנד (אָפֿענבאַכער פֿערבאַנד), װאָס לויט זײַנע פּרינציפּען נאָך שטעלט ער פֿאָר אַ קאָמפּראָמיס צװישען

דעם שולצע־דעליטש'ען טיפּ און דעם רייפֿאייזען'שען; ער נעהמט אַרום (אין 1900) 4400 פֿעראיינען מיט 290.000 מיטגליעדער און 800 מיליאָן יעהרליכע הלואות. לסוף איז נאָך דאָרטען פֿאַרהאַן אַנ'ערך טויזענד קרעדיט־פֿעראיינען, וואָס געהען נישט אַריין אין קיינעם פֿון דיזע דריי פֿערבאַנדען.

ווען מיר ווילען איצטער רעזומירען די רעזולטאַטען פֿון דער דאָרפֿישער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג און פֿערגלייכען זי מיט דער קליינבירגערישער אין ענגען זין פֿון וואָרט, דאַן קומען מיר צום פֿאָלגענדען בעשלוס:

1) אַלע מינים קאָאָפּעראַטיווען האָבען זיך צווישען דעם פּויער־טום שטאַרקער ענטוויקעלט, ווי צווישען דעם שטעדטישען קליינבירגער־טום.

2) דעם פּויער ברענגען די קאָאָפּעראַטיווען אַ סך מעהר ווירקליכע נוצען, איידער דעם שטעדטישען קליינבירגער.

3) די פּויערשע קאָאָפּעראַטיווען זענען אַ סך נעהנטער צום קאָאָפּעראַטיסטישען אידעאַל, ווי די קליינבירגערליכע אין ענגען זין פֿון וואָרט.

אין גאַנצען גענומען, שטעלט די פּויערשע קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג פֿאַר אַ מעכטיגע שטרעמונג צו בעסערע געזעלשאַפֿטליכע לעבענס־בעדינגונגען, אַ שטרעמונג, וואָס ענטוויקעלט זיך און וואַכסט אויף דעם באָדען פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט, אָבער וואָס בעשאַפֿט געוויסע עלעמענטען פֿון דער צוקונפֿטיגער. די פֿערשיעדענע מינים דאָרפֿישע קאָאָפּעראַטיווען כאַפּען אָפּט אַרום אַלע פּויערים פֿון דעם דאָרף און טאַקי צוליעב דעם, ווייל דיזע קאָאָפּעראַטיווען זענען ווייניג דיפֿפֿערענצירט, מישען זיי זיך אָפֿטמאָל צוזאַמען מיט דער טהעטיגקייט פֿון דער דאָרפֿישער געמיינדע. אָפֿטמאָל בעשעפֿטיגט זיך די געמיינדע גופא מיט שאַפֿען קרעדיט איהרע מיטגליעדער, מיט'ן פֿערקויפֿען די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען, מיט'ן קויפֿען פּראָדוק־ציאָנס־מיטעל; אָפֿטמאָל שאַפֿט די געמיינדע אויף איהר אייגענעם חשבון די פּראָדוקציאָנס־מיטעל, ווי צ. ב. דרעש־מאַשינען, געמיינזאַ־מען ווייַן־קעלטער, געמיינזאַמען מאַגאַזין אויף צו בעהאַלטען תבואה, געמיינזאַמע פּוטער־מאַשין א. ד. ג. דיזע אַלע פּראָדוקציאָנס־אינ־סטרומענטען פֿערבלייבען אַ געמיינזאַמע אייגענטום, מיט וועלכע יעדער פֿון די פּויערים בענוצען זיך נור אויף וויפֿיעל עס איז נויטיג צו זיין פּראָדוקציע. לײַדער אָבער, דעם איינפֿלוס אויף די דאָרפֿישע קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג האָבען כמעט אין אַלע לענדער בעקוי־

מען די גלחים. הויפּטזעכליך די קרעדיט־פֿעראיינען (רײפֿאַייזעניש) געפֿינען זיך כמעט אומעטום אונטער דער ווירקונג און דער פֿיהרונג פֿון די פּראָטעסטאַנטישע אָדער קאַטוילישע גייסטליכע, וועלכע בענוצען זיך דערמיט אונטערצוהאַלטען און צו פֿערשטאַרקען זייער גייסטיגע און מאַטעריעלע ממשלה.

## IV. די פּראָדוקציאָנס פֿעראיינען פֿון אַרבייטער.

מען דאַרף פֿונדעסטוועגען נישט פֿערגעסען איין זאַך: די קאָאָפּעראַטיווען פֿון מיטעלשטאַנד, סיי די שטעדטישע, סיי די דאָרפֿישע, בעגרענצען נור, אין בעסטען פֿאַל, די עקספּלואַטאַציע פֿון די קליינע פּראָדוצענטען דורך דעם גרויסען קאַפּיטאַל און די פּיעלצעליגע פֿערמיטלער. זיי בעזייטיגען אָבער בשום אופֿן נישט די עקספּלואַטאַציע פֿון געדונגענע אַרבייטער, ניט דורך די גרויסע און ניט דורך די קליינע אונטערנעהמער. די פּויערים, פּונקט ווי די שטעדטישע קליינבירגער, קענען האָבען ביי זיך פֿיעל אָדער ווייניג געדונגענע אַרבייטס־קראַפֿט און ציהען פֿון איהר מעהר־ווערטה, אָהן אונטערשיעד צי זיי געהערען יאָ אָדער נישט צו אַ קאָאָפּעראַטיווען פֿעראיין. דעם צוועק, אינגאַנצען צו בעזייטיגען די עקספּלואַטאַציע פֿון איין מענשען דורך דעם אַנדערן, שטעלען זיך די פֿעראיינען פֿון *אַרבייטער*: ווען *זייערע* פֿעראיינען אונטערדריקען נישט און עקספּלואַטירען נישט זייערע מיטגליעדער, ווען *זייערע* פֿעראיינען פֿערווירקליכען דעם קאָאָפּעראַטיווען אידעאַל, דאַן פֿערווירקליכען זיי ביי זיך אויך דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. זיי בעזייטיגען ביי זיך בכלל די עקספּלואַטאַציע פֿון מענשען.

אַלע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיסטען, פֿון *ראָבערט־אָוויען* אָן, האָבען טאַקי שטענדיג געחלומ'ט וועגען איבערבויען די איצטיגע געזעלשאַפֿט און פֿערווירקליכען דעם סאָציאַליזם דורך אַזעלכע אַרבייטער־פֿעראיינען. דיזע אידעעלע חלומות האָבען זיך אָבער אַרויסגעוויזען אַלס פּוסטע חלומות. כדי די אַרבייטער־פֿעראיינען זאָלען באמת פֿערניכטען די עקספּלואַטאַציע פֿון מענשען, איז נויטווענדיג: ערשטענס, דאָס אַלע, וואָס אַרבייטען אין דעם פֿעראיינס אונטערנעהמונג, זאָלען זיין *גלייכע מיטגליעדער* פֿון פֿעראיין און, צווייטענס, דאָס די פֿערדינסטען פֿון פֿעראיין זאָלען בשום אופֿן נישט איבערגעהן צו די, וואָס האָבען אין איהם *נישט געאַרבייט*. די ערשטע

בעדינגונג פֿאָדערט, אַז דער פֿעראײן זאָל נישט האָבען קײן גענוגענדע אַרבײטער; אויב יאָ, ציהט דער פֿעראײן דאַן מעהרװערט פֿון דיזע צוגעדונגענע אַרבײטער, בנוגע צו זײ װערט ער אַ קאַפּיטאַליסט, און פֿון אַנ׳אַרבײטער-פֿעראײן פֿערװאַנדעלט ער זיך אין אַ קלײנבירגערישען, װאָס זוכט נור די מיטגלידער זײַנע צו שיצען געגען עקספּלואַטאַציע, אָבער װאָס העלפֿט זײ אין דערזעלבער צײַט עקספּלואַטירען אַנדערע. די צװײטע בעדינגונג פֿאָדערט, דײ זאָלען אַלײן נישט אַרבײטען פֿאַר פֿערמיטלער, דײ זאָלען ניט צאָהלען קײנעמען קײן פּראָצענטען, כּדי אַנדערע זאָלען פֿון זײער אַרבײט קײן רוחים קײן מעהר-װערטה נישט ציהען, ד. ה. מען זאָל זײ ניט עקספּלואַטירען.

דאָס איז אָבער פּשוט אַנ׳אונמעגליכע זאַך אין דער איצטיגער געזעלשאַפֿט. װעגען פֿעראײנען, װאָס זאָלען יעדען אַרבײטער לאָזען אַרבײטען בעזונדער און װאָס זאָלען זײ פֿערבינדען נור צום אײנקויף, צום פֿערקויפֿען אָדער צו קרעדיט, איז פֿערשטעהט זיך, ניטאָ װאָס צו רעדען: דער אײנצעלנער אַרבײטער װעט בשום אופֿן נישט קענען אויסהאַלטען די קאָנקורענץ פֿון דער פֿאַבריק, און ער װעט מוזען באַלד זיך צונעהמען אַ געדונגענעם געהילף, אָדער עטליכע געהילף-אַרבײטער, ד. ה. ער װערט באַלד פֿערװאַנדעלט אין אַ קלײנבירגער. דעריבער טאַקי, בעת עס האָט זיך געהאַנדעלט װעגען ענדערן די גאַנצע סאָציאַלע אָרדנונג דורך אַרבײטער-פֿעראײנען, האָט מען געמײנט נור פּראָדוקציאָנס-פֿעראײנען אין ענגען זין פֿון װאָרט. דאָס האָט זיך אָבער, ביז איצט צום װעניגסטענס, אַרויסגעװיזען פֿאַר אַנ׳אוטאָפּיע, צוליעב פֿערשידענע סבּות:

ערשטענס, איז זעהר שװער צו גרינדען און ברענגען אין בעװעגונג אַזעלכע פֿעראײנען, און דאָס טאַקי צוליעב מאַנגעל אין „קאַפּיטאַל“; כּדי צו גרינדען אַזאַ אונטערנעהמונג, װאָס זאָל קענען קאָנקורירען מיט די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, דאַרף מען זי אַװעקשטעלען אויף אַזאַ הויכע טעכנישע שטופֿע, זי דאַרף האָבען אַזעלכע מאַשינען און אַנדערע טעכנישע אײנאָרדנונגען, װי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע; בכלל פֿאָדערט דאָס אָבער אונגעהויער גרויסע געלד-מיטלען, װאָס פּראָלעטאַריער פֿערמעגען עס בשום אופֿן נישט. יעדענפֿאַלס, אויף די געלד-מיטלען, װאָס קענען צוזאַמענלעגען אַ גרויסע צאָהל אַרבײטער, קען מען גרינדען נור אַנ׳אונטערנעהמונג, װאָס קען בעשעפֿטיגען בלויז אַ קלײנע צאָהל פֿון זײ. אַחוץ דעם, אײדער די אונטערנעהמונג װערט אײַנגע-

אָרדענט, אײדער זי הויבט אָן אויסצואַרבײטען סחורות און אײדער דיזע סחורות װערען פֿערקויפֿט, געדויערט נעװעהנליך אַ רעכט לאַנגע צײט; די פֿעראײניגטע אַרבײטער, אויב זײ האָט שוין אַפּילו נעלינגען אַװעקצושטעלען אַזאַ געמײנזאַמע פֿאַבריק, דאַרפֿען אָבער לעבען די גאַנצע צײט, דאַרפֿען האָבען, הײסט עס, פֿון װאַנען צו לעבען; נור דאָס איז געװעהנליך ניטאָ, און דער געגרינדעטער פֿעראײן צופֿאַלט זיך, אײדער ער הויבט נאָך אָן עפּעס אויפֿצוטאָן. (צוליעב דעם טאַקי האָבען לואי בלאַן און לאַסאַל זיך פֿאָרגעשטעלט די פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען, װאָס דאַרפֿען פֿיהרען צו דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, נישט אַנדערש נור געשטיצט דורך דעם קרעדיט פֿון דער מלוכה.)

נור לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז נאָך פֿיעל מיה, קרבנות און לײדען איז דער פֿעראײן געגרינדעט געװאָרען און אָנגעפֿאַנגען זײן טהעטיגקײט. אויפֿצוהאַלטען זיך איז פֿאַר איהם נאָך שװערער, װי גרינדען זיך. װאָרום די פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען, פּונקט װי די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, בעזײטיגען נישט דאָס, װאָס מען רופֿט די אַנאַרכיע פֿון דער פּראָדוקציע. פּונקט װי קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, װײסען זײ נישט פֿון פֿאָראויס, װיפֿיעל סחורה זײ דאַרפֿען אויסאַרבײטען, און כדי ניט אָנצוװערען זײערע קונים, זענען זײ, פּונקט װי אַנדערע אונטערנעהמונגען, גענויטיגט צו פּראָדוצירען װאָס מעהר אין אַ צײט פֿון עקאָנאָמישער אויפֿבליהונג; פּונקט װי די פּריװאַטע אונטערנעהמונגען, זענען זײ אונטערגעװאָרפֿען דער װירקונג פֿון דער איבערפּראָדוקציע, קריזיסען און קראַכען אָדער באַנקראָטען. די קריזיסען צערשטערען די אַרבײטער־פֿעראײנען אָהן אַנערך מעהרער נאָך, װי די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען; װאָרום ראשית, קען דער גרויסער קאַפּיטאַליסט איבערלעבען אַ יאָהר אָדער צװײ און מעהר אויך גאָר אָהן שום פֿערדינסטען און אַפּילו בײ היזק. די אַרבײטער קענען עס אָבער בשום אופֿן נישט; אַחוץ דעם, דער קאַפּיטאַליסט האָט אַ פּשוט'ע רפֿואה געגען איבערפּראָדוקציע: ער װאַרפֿט אַרויס אַ טײל פֿון זײנע אַרבײטער, און אויף אַזאַנ'אַרט בעפֿרײט ער זיך פֿון זײנע „איבעריגע“ הוצאות; דער פֿעראײן אָבער קען נישט אַרויסװאַרפֿען אַ טײל פֿון זײנע מיטגלידער; צי מען װיל יאָ אָדער נישט, די צאָהל אַרבײטער (און עסערס) בלײבט אַלזאָ אין פֿעראײן דיזעלבע, װי פֿריהער, און דער באַנקראָט פֿון פֿעראײן בײם ערשטען בעסטען קריזיס איז כמעט אונפֿערמײדליך. צו דעם דאַרף

מען נאָך צוגעבען די אינערליכע סכסוכים, וואָס קומען אָפּט פֿאָר אין די פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען און וואָס ברענגען אויך זעהר אָפּט צו דעם, די פֿעראײנען זאָלען זיך פֿונאַנדערפֿאַלען.

די פּראָדוקציאָנס־פֿעראײנען פֿון אַרבײטער האָבען אַלזאָ נישט נור נישט איבערגעבױט די איצטיגע געזעלשאַפֿט, נור זײ זענען בכלל אינגאַנצען דורכגעפֿאַלען. אַם מײסטען געפֿינען מיר אַזעלכע פֿעראײנען אין פֿראַנקרײך; דאָרטען זענען דאָ העכער דרײ הונדערט פּראָדוקציאָנס־קאָאָפּעראַטיווען, וואָס האַלטען זיך פֿאַר אַרבײטער־פֿעראײנען. ווי אַזוי האָט זײ געלונגען צו בלײבען אויפֿ'ן מאַרק?

ערשטענס, האָבען זײ זיך קאָנצענטרירט כמעט נור אין די בראַנזשען, וואו עס פֿאָדערט זיך נישט קײן גרויס „קאַפּיטאַל“, הויפּטזעכליך אין בוי־אינדוסטריע; די בראַנזשען, וואו עס הערשט די גרויס־אינדוסטריע, זענען אַלזאָ אינגאַנצען געבליבען בײם פּריוואַטען קאַפּיטאַל. צווײטענס, אַרבײטען זײ הויפּטזעכליך אויף בעשטעלונגען, וואָס די מלוכה אָדער די געמײנדען גיבען זײ; זײ הענגען אַלזאָ וועניג אָב פֿון פּריוואַטען מאַרק. און דריטענס, דער גרעסטער טײל פֿון זײ האָט טאַקי פֿיעל אָדער ווענינ מקריב געוועזען די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען: כדי צו בעזײטיגען דעם מאַנגעל אין קאַפּיטאַל, האָבען זײ אַרויסגעלאָזען אַקציעס, וואָס גיבען דאָס רעכט אויף אַ טײל רוח פֿון דער אונטערנעהמונג, ד. ה. זײ לײהען געלד און צאָהלען דערפֿאַר פּראָצענט; כדי לײכטער איבערצוטראָגען די קריזיס־צײטען נעהמען זײ ווענינ צו נײע מיטגלידער אין די צײטען פֿון עקאָנאָמישען אויפֿשוואונג, נור זײ נעהמען צו פֿרעמדע אַרבײטער, גיבען זײ געוועהנליך אַ טײל אין דעם רוח פֿאַר די צײט, וואָס זײ אַרבײטען, און לאָזען זײ אָב אין קריזיס־צײט, ד. ה. אין אַזאַ אָדער אין אַנ'אַנדער פֿאָרם האַלטען זײ געדונגענע אַרבײטער; כדי צו פֿערהיטען די אינעווענינסטע סכסוכים און דעזאָרגאַניזאַציע, גיבען זײ דעם אויסגעקליבענעם פֿערוואַלטער אַ גרויסע מאַכט איבער די איבעריגע מיטגלידער; זײ גיבען איהם געוועהנליך אויך אַ גרויסען געהאַלט, כדי צו־צוציהען צו דער פֿערוואַלטונג די פֿעהיגסטע פֿאַך־מענשען, וואָס וואָלטען אַוועק אין קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען; זײ פֿערניכטען אויף אַזאַנ'אַרט די גלײכקײט פֿון אַלע פֿעראײנס־מיטגלידער.

נור אײנצעלנע פֿעראײנען, זעלטענע אויסנאַהמען פֿון אויסגעהאַלטענע אידעאַליסטען האָבען עד היום שטרענג אָבגעהיט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען ביז'ן ענד. בכלל אָבער זענען זיך די פֿעראײנען

פֿאַנאַנדערגעפֿאַלען, אָדער זיי האָבען זיך פֿערוואַנדעלט אין האַלבּ־קאַפּיטאַליסטישע, האַלבּ־בעלי־בתּישע, ד. ה. אין קליינבירגערשע פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען. דאָס איז דער סך הכל פֿון די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָנס־קאָאָפּעראַטיוועז.

## V. קאָנסום־פֿעראיינען.

אויף די פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען פֿון אַרבּייטער האָט מען אין אָנפֿאַנג געהאַט געלעגט די שענסטע האָפֿנונגען; דאָס לעבען האָט אָבּער דיזע האָפֿנונגען צושטערט, ווי אַ זייפֿענבלאָז. פּונקט פֿערקעהרט האָט פּאַסירט מיט די קאָנסום־פֿעראיינען; בּנוגע צו זיי קען מען טאַקי זאָגען, אַז „אבן מאסו הבונים היתה לראש פּנה“, דער שטיין, וואָס האָבען געהאַט פֿערוואָרפֿען אַלע אוטאָפּיסטישע בּויערס פֿון דער צוקונפֿט־געזעלשאַפֿט, איז געוואָרען דער ווינקעלשטיין פֿון דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיווער אַרבּייטער־בּעוועגונג.

וואָרום וואָס איז אייגענטליך אַ קאָנסום־פֿעראיין? — דאָס איז פּשוט אַ פֿעראייניגונג פֿון מעהרערע מענשען צוזאַמען איינצוקויפֿען פֿערבּרויכס־געגענשטאַנדען. קויפֿענדיג איינצעלוויַיז בּיַי דעם דעטאַל־קרעמער, מוז דער קונה יעדע זאַך צאָהלען טייערער, ווי בּעת די זעלבּע סחורה ווערט פֿערקויפֿט אַנ־גראָ, בּיַים הורטאָווניק; כּדי אויסצומיידען דעם קליינעם הענדלער און זיך ערווערבּען די געבּרויכס־געגענשטאַנדען בּיליגער, קען דער עולם זיך פֿעראייניגען און עם איינקויפֿען אַנגראָ. קאָנקרעט ווערט דאָס אַזוי געמאַכט: אַ געוויסע צאָהל מענשען (מיטגלידער) עפֿענען צוזאַמען אַ געוועלבּ, אַ קראָם, וועלכע קויפֿט איין בּיַים הורטאָווניק, אָדער דירעקט אין פֿאַבּריק, די אַלע סחורות, וואָס די מיטגלידער דאַרפֿען צו זייער פֿערבּרויך; זי פֿערקויפֿט עס נאָכדעם די מיטגלידער בּיליגער, ווי די זעלבּע סחורות קאָסטען בּיַי דעם דעטאַל־קרעמער, נור טייערער, ווי זי האָט אַליין געצאָהלט פֿאַר זיי אין דער פֿאַבּריק אָדער בּיַים הורטאָווניק, וואָרום צו דעם אַנ־גראָ־פּריַיז קומען נאָך צו געוויסע הוצאות, צ. בּ.: דירה־געלד פֿאַר די קראָם, טראַנספּאָרט פֿון פֿאַבּריק (אָדער הורטאָווען סקלאַד) בּיז פֿעראיינס־געוועלבּ, פֿערוואַלטונג א. ד. ג.; ענדע יאָהר, אָדער סוף זמן, בּעת מען מאַכט דעם בּילאַנץ און מען זעהט, דאָס דעם פֿעראיינ׳ס קראָם האָט בּעקומען רוח, ד. ה., אַז די מיטגלידער האָבען איבּערגעצאָהלט אויף

די סחורות, וואָס זיי האָבען ביי איהר איינגעקויפט. דאַן ווערט דאָס רוח אָבגעגעבען צוריק די מיטגליעדער, און אויף אַזאַנאַרט, אַז וואָס מעהר איינער האָט געמאַכט איינקויפען, אַלץ אַ גרעסערן חלק פון דעם געבליבענעם רוח גיט מען איהם אָב; דער רוח אַלזאָ ווערט פאַנאַנדערגעטיילט פראָפּאָרציאָנעל צו די סומען, אויף וועלכע יעדער מיטגליעד האָט געקויפט אין דעם פעראיינס קראָם. זעלבסטפערשטענדליך, דאָס אויב די מיטגליעדער ווילען, קענען זיי דעם רוח נישט צונעהמען פאַר זיך, נור זיי קענען עס לאָזען אין פעראיין, זיי קענען עם פערברויכען אויף פערשיעדענאַרטיגע צוועקען, זיי קענען אַ טייל פון דעם רוח צונעהמען, אַ טייל איבערלאָזען דעם פעראיין, אַ טייל פערברויכען אויף בילדונג, פראָפּאַגאַנדע, שטיצע א. ז. וו., א. ז. וו. נור סוף כל סוף ווערט מעהר נישט אויסגעמיידען דער קליינער הענדלער, די מאַסע קאָנסומענטען (פערברויכער) לאָזט נור איהם, דעם קליינעם קרעמער, פון איהר קיין רוח נים צו ציהען, זי לאָזט זיך נור דורך איהם נישט עקספּלואַטירען. וואָס איז דאָ פון דעם צו מאַכען אַזאַ גרויסען וועזען?

אַזוי האָבען לאַנג געטראַכט די אַלע, וואָס האָבען געשטרעבט צו פערניכטען די עקספּלואַטאַציע בכלל, אין איהר גאַנצער גרויסקייט.

נאָך דער גענפער קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל (1866), אָנערקענענדיג „די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, אַלס איינע פון די קרעפטען, וואָס פיהרען צו דער איבערבויאונג פון דער איצטיגער געזעלשאַפט... רעקאָמענדירט די אַרבייטער צו גרינדען בעסער פראָדוקציאָנס-איידער קאָנסום-פעראיינען: די לעצטע בעריהרען נור די אויבערפלאַך פון דעם איצטיגען עקאָנאָמישען סיסטעם, בעת די ערשטע רייסען אונטער זיינע יסודות".

מען האָט אַלזאָ הויך געשעצט די פּראָדוקציאָנס-פעראיינען, ווייל זיי שטרעבען צו פערניכטען דעם יסוד גופא פון דער איצטיגער ווירטשאַפט, די עקספּלואַטאַציע אין דער פּראָדוקציע, דעם מקור פון יעדען קאַפּיטאַליסטישען מעהר-ווערטה (וואָרום דער רוח פון קלענערען און גרעסערען האַנדעלסמאַן שטאַמט דאָך אויך נור פון דעם, וואָס אין דער פּראָדוקציע ווערט געשאַפען מעהר-ווערטה); די קאָנסום-פעראיינען אָבער, שטרעבענדיג צו בעזייטיגען ווי ווייט מעגליך נור דעם רוח פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל, הויפּטזעכליך נאָך פון קליינעם הענדלער, קעמפּפען אַלזאָ נישט געגען די סבה גופא פון עקספּלואַטאַציע און רוח, נור געגען איינע, און נישט

קיין בעזונדער חיכטיגע, פֿון איהרע ערשײַנונגען: אויף אַזאַ אַרט. בעריהרען זיי מעהר נישט די אויבערפֿלאַך פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט, און קיין וויכטיגע ווירקונג אויף דעם בעפֿרײַאונגס-קאַמפּף פֿון דעם אַרבייטער-קלאַס קענען זיי אַלזאָ נישט האָבען.

אין דער ווירקליכקייט האָט זיך אָבער אַנדערש אויסגעלאָזען: די פּראָדוקציאָנס-פֿעראײַנען שפּילען פּשוט קיין שום ראָלע נישט אין קאַמפּף פֿון אַרבייטער-קלאַס; פֿערקעהרט, די קאָנסום-פֿעראײַנען ווערען יעדען טאָג אַלץ אַ גרעסערע קראַפֿט אין די הענד פֿון פּראָלעטאַריאַט אין זײַן שטרעבונג איבערצובויען די איצטיגע געזעלשאַפֿט. אין וואָס שטעקט דער טעות פֿון דער פֿריהערדיגער מיינונג? אין וואָס ליעגט די אינערליכע קראַפֿט און די גרויסע געזעלשאַפֿטליכע בעדײַטונג פֿון די קאָנסום-פֿעראײַנען? אויף דעם מוזען מיר זיך אַ רגע אָבשטעלען.

ערשטענס, די געגענוואַרטיגע פּראָדוקציע איז אַליין פֿריהער ווי אַלץ אָבהענגיג פֿון מאַרק. האָט זי אַ מאַרק, אַן אָבזאַץ-פּלאַץ פֿאַר איהרע סחורות, דאַן קען זי עקזיסטירען; האָט זי קיין מאַרק, קיין קונים נישט, דאַן קען זי נישט עקזיסטירען. דערפֿאַר אויב מיר ווילען אין דער איצטיגער אָרדנונג אײַנפֿיהרען אַ נײַע פּראָדוקציאָנס-פֿאָרמע, דאַרפֿען מיר זיך פֿריהער ווי אַלץ בעזאָרגען אַ מאַרק, אַ קרײַז פֿון קונים. ווילען מיר פֿערניכטען אָדער אַרויסשטופּען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, דאַן דאַרפֿען מיר בײַ איהר צונעהמען די קונים, דעם מאַרק. די פּראָדוקציאָנס-פֿעראײַנען האָבען אָבער דעם מאַרק, די קונים געלאָזען אָן אַ זײַט; אָהן אַ פֿעסטען, אַ זיכערען מאַרק האָבען זיי געמוזט דורכפֿאַלען. די קאָנסום-פֿעראײַנען — פֿערקעהרט, אָרגאַניזירען און פֿעראײניגען די קונים, זיי זענען אייגענטליך די אָרגאַניזירטע קונים גופא, זיי זענען דער אָרגאַניזירטער מאַרק און זיי קענען דורך דעם מעכטיג ווירקען אויף די פּראָדוקציע. אַ פֿעראײַן, וואָס קויפֿט אײַן פֿאַר פֿיעלע טויזענדער און צעהנדליגער טויזענדער מיטגליעדער, קען דיקטירען דעם פֿאַבריקאַנט פֿערשיעדענע בעדינגונגען פֿון דער פּראָדוקציע: ער קען איהם שטעלען געוויסע פֿאָדערונגען בנוגע צו די פּרײַזען, צו די אַרבייטס-צײַט אין פֿאַבריק, צום אַרבייטס-לויהן, צו די מינים סחורה, וואָס ער זאָל אויסאַרבייטען א. ז. וו. און דער פֿאַבריקאַנט וועט עס מוזען אָננעהמען, אויב ער וויל נישט פֿערליערען אַזאַ גרויסען מאַרק, ווי דער פֿעראײַן, וואָס קויפֿט פֿאַר צעהנדליגער טויזענדער פּערזאָן און אָפֿטמאָל פֿאַר נאָך מעהר. נור

דאָס איז ניט אַלץ; דער פֿעראײַן, אויב ער איז גענוג גרויס, קען אַליין עפֿענען פֿאַבריקען פֿון פֿערשידענע אַרטיקלען, וואָס ער שטעלט צו פֿאַר זײַנע מיטגלידער. וואָרום אויב די קונים גופֿא לאָזען פֿאַר זיך וואָס ס'איז פּראָדוצירען, דאַרפֿען זיי זיך שוין נאָכ'ן מאַרק נישט יאָגען, ווי די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען אָדער ווי די פּראָדוקציאָנס=פֿעראײַנען, און אָנשטאָט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס פֿיהרט זיך נור צוליעב רווח, קען דער פֿעראײַן אויף אַזאַ אַרט נעהמען אײַנפֿיהרען די פּראָדוקציע דירעקט צום פֿערברויך.

ווי מיר וועלען זעהען עטוואָס שפּעטער, געהט עס אָפֿט טאַקי אַזוי צו אין דער ווירקליכקייט.

די קאָנסום=פֿעראײַנען ווירקען אַלזאָ נישט נור אויף די איבערפֿלאַך, נור טאַקי אויפֿ'ן יסוד פֿון דער איצטיגער עקאָנאָמישער אָרדנונג. אָרגאַניזירענדיג דעם מאַרק, די קונים, העלפֿען זיי דערמיט גופֿא צו אָרגאַניזירען אויך די פּראָדוקציע; וואָס פֿאַר אַ ווירקונג דיזער לעצטער אומשטאַנד האָט אויף דעם גאַנצען עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען, איז, פֿערשטעהט זיך, איבעריג דאָ צו דערצעהלען.

צווייטענס, דאַרף מען נישט פֿערגעסען, אַז דער אַרבייטער ווערט אַלס קאָנסומענט (ד. ה. בײַם אײַנקויפֿען די אַרטיקלען, וואָס ער דאַרף צום פֿערברויך), נישט ווייניגער עקספּלואַטירט, ווי אַלס פּראָדוצענט (ווי בײַם פֿערקויפֿען זײַן אַרבייטס=קראַפֿט).

וואָרום מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז וואָס איינער האָט ווייניגער אײַנקינפֿטע, אַלץ אַ גרעסערער חלק פֿון דעם געהט אַוועק בײַ איהם אויף שפּײַזונג. בײַם אַרבייטער פֿערשלינגט די שפּײַזונג אונגעפֿעהר צוויי דריטעל פֿון זײַן גאַנצען פֿערדינסט *). טאַקי צוליעב דעם, וואָס דאָס פֿערנעהמט דעם גרעסטען חלק פֿון דעם אַרבייטערס בודזשעט — זאָגט מיט פֿולען רעכט און מיט קלאַסישער קלאָרהייט פּראָפֿ. זשיד **), איז גאַנץ וואַהרשײַנליך, דאָס גראַד דיזען

---

*) לויט די אָפֿיציעלע סטאַטיסטישע אַנקעטען, וואָס זענען פֿאָרגענומען געוואָרען אין פֿערשידענע לענדער, ווײַזט זיך אַרויס, דאָס בײַ די פֿאַמיליען, וואָס פֿערדינען ביז 1500 פֿראַנק יעהרליך, געהט אַוועק אויף שפּײַזונג: אין בעלגיען 62 פּראָצענט, אין פֿראַנקרײַך — 64, אין צפֿון אַמעריקאַ — 52, אין דײַטשלאַנד — 55 פּראָצענט פֿון דעם פֿערדינסט.

**) דאָס ציטירטע בוך, ז. 164 — 165.

פערבראויך וועט די ארבייטער-פאמיליע זוכען צו פערקלענערן, חען זי וועט זיך שפירען געדריקט, אין דחקות. — און דיזע פערקלענערונג וועט זיין בעזונדער טרויעריג, וויל זי וועט אנגרייפען די קוועלע גופא פון געזונד און ענערגיע. מען דארף דערביי נאך נעהמען אין אכט נישט נור די קוואנטיטעט (די כמות, די צאהל), ווען מען נעהמט אן אין בעטראכט אפילו נור די שפייזונג — נאך אויך די קוואליטעט, (די אייגענשאפטען, די גוטקייט) פון די פּראָדוקטען: און דא דארף מען טאקי מורא האבען, דאס די קוואליטעט, די גוטקייט, זאל כסדר נישט געבראכט ווערען פאר א קרבן, כדי צו בעקומען ביליגער — אפט נור לפנים. מען דארף מורא האבען, דאס די פעלשונג פון שפייזע-פּראָדוקטען (מילך, פוטער, וויין, *) קאפע, מעהל, קאלאניאל-סחורה א. ד. ג.), פון וועלכער מיר ליידען אלע ביי היינטיגען טאג, זאל בעזונדער ניט פאלען אויף די יעניגע, וועלכע קענען זיך ניט פערטיידיגען, זייענדיג געבונדען דורך די קייטען פון חובות, פון קויפען אויף בארג. און לסוף, צו בעצירען דאס אלץ, דארף מען מורא האבען, דאס די ארימע זאלען פאר זייער שפייזע ניט בעצאהלען טייערער איידער די רייכע: ראשית, קענען זיי עס קויפען נור ביי דעם קליינעם קרעמערל פון עק-שטאדט, וואס פערקויפט עס פון דער דריטער אדער פיערטער האנד, וויל זיי האבען ניט קיין בעדינגערס, צו שיקען קויפען ביי דעם גרויסען סוחר, אדער וויל זיי האבען ניט קיין איבעריגע צייט אליין אהין צו געהן; אחוץ דעם, קענען זיי עס איינקויפען נור אין קליינעטשקע פּאָרציעס, וויל עס פעהלט זיי די ברייטע קעשענע צו קויפען א סך אויף אמאל. גיט נאך א קוק, ווי אין די ארבייטער קווארטאלען קומען די קונים אין די קליינע קאלאניאל-און שפייזע-געוועלבלעך איינקויפען זיך סחורה: גיט מיר פאר א פיערער קאפע, פאר א צעהנער פוטער א. ז. וו."

אלזא, דעם ארימען מענשען קומט אויס צו קויפען אין א קליינער מאס און „פון דער דריטער אדער פיערטער האנד" (און מען דארף נישט פערגעסען, אז יעדע „האנד", דורך וועלכע די סחורה געהט דורך, מוז אן דער סחורה פערדינען, מוז עטוואס צולייגען צו איהר פרייז; דערביי, וואס דער קרעמער איז קלענער, וואס ווייניגער ער פערקויפט, אלץ א גרעסערן פּראָצענט מוז ער אן דעם שטיק

---

*) די רעדע איז חעגען פראנקרייך, וואו וויין איז פערהעלטניס-מעסיג זעהר ביליג און די ארבייטער טרינקען עס אין א גרויסער מאס.

פֿערקױפֿטע סחורה, פֿערדינען; דער פּרײַז פֿון דער סחורה, לױט טאָטאָמיאַנץ'ס אױסדריק, װאַקסט דורך דעם, װי אַ קױל שנײ, װאָס קײַקעלט זיך באַרג אַראָב; װאָס װײַטער עס קײַקעלט זיך, װערט עס אַלץ גרעסער און גרעסער) — און דורכדעם לײַדט די ברײטע מאַסע, הױפּטזעכליך די אַרבײטער-מאַסע, פֿון פֿאָלגענדע צרות: 1) טײַערע פּרײַזען, 2) פֿערקלענערטע קױפֿונגס-קראַפֿט (און דאָס האָט װידער אַ װירקונג אױף די פּראָדוקציע!) און פֿערקלענערטער פֿערברױך; 3) שלעכטע פּראָדוקטען און שעדיגונג פֿון דער געזונד; 4) דאָס אַלץ װערט נאָך פֿערשטאַרקט דורך די שקלאַפֿערײַ פֿון קױפֿען אױף באָרג. צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבען: די נישט רעעלע געװיכט; אױב אַפֿילו דאָס געװעלב בענוצט זיך ניט מיט קײן פֿאַלשען געװיכטעל, איז די געװיכט פֿאָרט נישט רעעל; מען דאַרף זיך נור דערמאָהנען, װיפֿיעל צוקער, צ. ב., נעהמט אַראָב דער גראָבער טעקסטורענער טוטיק, בעת איהר קױפֿט אין געװעלבעל אײנגאַנצען אַ פֿערטעל פֿונט צוקער.

װען די קאָנסום-פֿעראײנען זאָלען אַפֿילו נישט בעאײנפֿלוסען די פּראָדוקציע, װען זײ זאָלען נור בעזײַטיגען אָט דיזע פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון דער עקספּלואַטאַציע בײַם אײנקױף פֿון לעבענס-מיטעל, דאַן קען מען שױן ניט זאָגען, אַז זײ ריהרען נור אָן די אױבערפֿלאַך פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט.

נור דאָ װאָלט מען קענען שטעלען װידער אַ װיכטיגע פֿראַגע: צי ברענגט ניט די ענטװיקלונג פֿון די קאָנסום-פֿעראײנען צו אַני-אַראָבדריקונג פֿון דעם אַרבײטס-לױהן? װיבאַלד די לעבענס-מיטעל װערען בילליגער דורך די קאָנסום-פֿעראײנען, דאַן קען דער אַרבײטער בעפֿרידיגען זײַנע בעדערפֿענישען מיט װעניגער הוצאות; און אַזױ װי דער לױהן העננגט אָב פֿון דעם, װיפֿיעל אין דער מדינה קאָסט דאָס לעבען פֿון אַרבײטער מיט זײַן פֿאַמיליע, דאַן קומט אױס, אַז אױב דאָס לעבען װערט בילליגער, פֿאַלט אױך דער לױהן; אױף אַזאַני-אַרט האָט (דער פּועל יוצא זײַן נור דער, דאָס נישט דער אַרבײטער װעט געניסען די נוצען פֿון די קאָנסום-פֿעראײנען, נור דער פֿאַבריקאַנט, דער קאַפּיטאַליסט: ער װעט קריגען בילליגער די אַרבײטס-קראַפֿט; מען האָט אַלזאָ פֿערטרײַבען די קלײנע „עקספּלואַטאַטערלעך“, כדי די גרױסע זאָלען האָבען מעהר רוח; דער אַרבײטער האָט אָבער בלײַבען אין דער זעלבער לאַגע, װי פֿריהער.

אָט דאָס האָט מען טאַקי אין אָנפאַנג אַרויסגעשטעלט געגען די קאָנסום-פעראיינען, און דאָס האָט מען טאַקי אויך געמיינט, וואָגענדיג, אַז די קאָנסום-פעראיינען רירען נור אָן די איבערפלאַך פון דער איצטיגער אָרדנונג, אָבער לאָזען דיזע אָרדנונג בכלל אָהן שום ענדערונג. דיזע בעהויפּטונג בנוגע צו דער ווירקונג פון די קאָנסום-פעראיינען אויף דעם אַרבייטס-לויהן, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען פאַר אַ טעות.

ערשטענס, האָט מען זיך איבערצייגט, אַז דער אַרבייטער איז בכלל פעראינטערעסירט, אַז די לעבענס-מיטעל זאָלען קאָסטען ביליגער, ווייל ביי ביליגע לעבענס-מיטעל איז דעם אַרבייטער-קלאַס לייכטער צו ערקעמפּפען בעסערע לעבענס-בעדינגונגען, אַ העכערע לעבענס-אַרט, ווי בעת די לעבענס-מיטעל קאָסטען טייערער. דערפאַר טאַקי קעמפּפט אומעטום די אַרבייטער-פּאַרטיי געגען אונדירעקטע שטייערען, וואָס פערטייערען די אַרטיקלען, וועלכע דער אַרבייטער-קלאַס פערברויכט אין אַ גרויסער מאָס; צוליעב דעם אויך קעמפּפט די זעלבע פּאַרטיי געגען די גרענעץ-צאָהל אויף אַרטיקלען פון אַלגעמיינעם פערברויך א. ז. וו. — אויב דער אַרבייטער-קלאַס איז פעראינטערעסירט ניט צו צאָהלען קיין שטייערען דער מלוכה און די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, אויב מיר קעמפּפען פאַר די אָבשאַפונג פון דיזע שטייערן, דאַן פערשטעהט זיך איז ער אויך פעראינטערעסירט נישט צו צאָהלען קיין שטייערן די קלענערע קרעמער. וואָרום דיזע אָבצאָהלונגען זענען, בכלל, גענומען, נאָך פיעל גרעסער, ווי די מלוכה-שטייערן און די גרענעץ-צאָהל. די קאָנסום-פעראיינען, שטרעבענדיג צו בעפרייען דעם אַרבייטער פון אָבצאָהלונגען פאַר דעם קרעמער, בעשיצען אַלזאָ טאַקי די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער.

צווייטענס, ביים איינקויף גופא, ד. ה. אַ גאַנץ יאָהר, קומט געוועהנליך דעם אַרבייטער אויס צו צאָהלען פאַר די אַרטיקלען פון זיין פערברויך זעהר וועניג ביליגער, אין אַנדערע פעראיינען דעם זעלבען פּרייז, ווי ביי דעם פּריוואַטען קרעמער; מעהר נישט, סוף יאָהר קריגט ער צוריק דאָס, וואָס ער האָט איבערגעצאָהלט, אַלס אַ טייל אין דעם אַלגעמיינעם ריוח. אויף אַזאַ'אַרט קען דאָס שוין ממילא נישט ברענגען צו אַ פערקלענערטען לויהן, וואָרום אַ גאַנץ יאָהר קאָסט איהם דאָס לעבען נישט ביליגער, ווי אָהן דעם פעראיין; אויב ער וואָלט אָהן דעם פעראיין נישט געקאָנט אויסקומען מיט אַ פערקלענערטען לויהן, דאַן וועט ער אַלזאָ אויך זענענדיג אַ מיטגליעד פון

פֿעראײַן מיט אַ קלענערען לויהן נישט קענען אויסקומען. די סומע ווידער, וואָס ער קריגט סוף יאָהר צוריק פֿון פֿעראײַן, קען איהם פֿערקעהרט, געבען די מעגליכקייט זיך צו ערווערבען עפּעס אַזוינס, וואָס קאָסט אַ רעכט גרויסע סומע אויף אַ מאָל, ווי צ. ב., אַנ'אַלמער, אַ יום-טוב'דיגען בגד, אַ קליינע לוסט-רייזע א. ד. ג., און וואָס פֿריהער וואָלט ער זיך נישט געקענט ערלויבען: אָנשטאָט אַראָבּ-צודריקען דעם לויהן, הויבט אַלזאָ דער קאָנסום-פֿעראײַן אויף די לעבענס-אַרט פֿון דעם אַרבײַטער.

דאָס ווערט נאָך קלעהרער, אויב מיר דערמאָהנען זיך, אַז אין קאָנסום-פֿעראײַנען, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער ווירקונג פֿון בעוואוסטזיניגע אַרבײַטער, ווערט אַ גרויסער חלק פֿון דעם געבליבענעם ריוח נישט פֿאַנאַנדערגעטיילט צווישען די מיטגליעדער, נור פֿערבּרויכט דירעקט אויף אויפצוהויבען זייער קולטורעלען צושטאַנד: אויף ליטעראַרישע און וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרלעזונגען פֿאַר זיי, אויף קאָנצערטען און טעאַטער-פֿאָרשטעלונגען, אויף די אויסגאַבען פֿון בעלעהרענדע ווערק, וואָס ענטוויקלען אינטעלעקטועל, עסטעטיש און מאָראַליש די אַרבײַטער-מאַסע. אַנ'ענטוויקעלטער מענש האָט אָבער אויך גרעסערע לעבענס-פֿאָדערונגען, ער דאַרף האָבען אַ ביכעל, אַ צײַטונג, ער דאַרף זעהען, הערען און און וויסען, אַזעלכע זאַכען, וואָס דעם אונענטוויקעלטען אינטערעסירען גאָר נישט; ער פֿיהלט די נויטיגקייט צו לעבען זויבערער, ריינליכער, שענער: קומט אַלזאָ ממילא אויס, אַז די קאָנסום-פֿעראײַנען, נישט נור וואָס זיי מאַכען אַליין דעם אַרבײַטערס אינהאַלטס-פֿולער, זיי וועקען נאָך אין אַרבײַטער נײַע געפֿיהלען און בעדערפֿנישען, זיי הויבען אויף די מינימום-הוצאות, וואָס זענען איהם נויטהווענדיג צום לעבען, ד. ה. זיי שטופּען איהם צום קאַמפּף פֿאַר אַ העכערען לויהן און פֿיהרען דערמיט צו אַ העכערען אַרבײַטס-לויהן; וואָרום דאָרטען, וואו דער אַרבײַטער-קלאַס האָט העכערע לעבענס-בעדערפֿנישען, אויב ער איז נור פּראָפֿעסיאָנעל אָרגאַניזירט (און בעוואוסטזיניגע אַרבײַטער זענען שטענדיג פּראָפֿעסיאָנעל אָרגאַניזירט), דערשלאָגט ער זיך אויך צו העכערע שכירות.

אַחוץ דעם דאַרף מען נישט פֿערגעסען, דאָס יעדער אַרבײַטער-פֿעראײַן, יעדע פֿאָרמע פֿון אַרבײַטער-אָרגאַניזאַציע, אויב זי איז נור נישט געווענדעט צו קעמפּפֿען נעגען אַנדערע אַרבײַטער-אָרגאַניזאַציעס, פֿערלייכטערט שטענדיג דעם בעפֿרייאונגס-קאַמפּף פֿון אַרבײַטער-קלאַס. ווען די קאָנסום-פֿעראײַנען געהען האַנד

ביי האַנד מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון אַרבייטער־קלאַס, שטיצענדיג זיך איינע אויף די אַנדערע און שטיצענדיג איינע די אַנדערע. דאַן קענען זיי אַליין ווערען אַ מעכטיגער קאַמפּפֿס־מיטעל אַפילו אין פּראָפֿעסיאָנעלען קאַמפּף, אין קאַמפּף פֿאַר בעסערע אַרבייטס־בעדינגונגען בכלל און פֿאַר העכערע שכירות בפרט: די מעכטיגע און רייכע קאָנסום־פֿעראיינען קענען שטיצען מיט לעבענס־מיטעל די שטרייקענדע אַרבייטער, בעת זיי שטעהען אין קאַמפּף; זיי קענען נויטען די פֿאַבריקאַנטען, ביי וועלכע זיי מאַכען זייערע איינקויפֿען, אָנצוערקענען די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען און זייערע פֿאָדערונגען; אין די פֿאַבריקען, וואָס די קאָנסום־פֿעראיינען גרינדען פֿאַר זיך, אין זייערע געהעלבער א. ד. ג., קענען זיי איינפֿיהרען אַזעלכע אַרבייטס־בעדינגונגען, אַזאַ אַרבייטס־צייט און אַזעלכע שכירות, וואָס זאָלען דיענען אַלס מוסטער פֿאַר די אַרבייטער פֿון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, און וואָס זאָלען אין זיי וועקען דעם חשק, אויך דאָרטען זיך צו דערשלאָגען צו עהנליכע בעדינגונגען. דעם בעסטען ביישפּיעל פֿון אַזאַ איינינקייט צווישען די קאָנסום־פֿעראיינען און די אַנדערע פֿאָרמען פֿון דער אַרבייטער־בעוועגונג, שטעלען אונז פֿאָר די קאָנסום־פֿעראיינען אין בעלגיען: צוזאַמען מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען און מיט דער פּאָליטישער פּאַרטיי בילדען זיי די דריי פֿעסטע זיילען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די וואַכסענדע מאַכט פֿון בעלגישען אַרבייטער־קלאַס.

ניר אַ חוץ דער נאָהנטער, דירעקטער הילף, וואָס די קאָנסום־פֿעראיינען קענען ברענגען און ברענגען פּראַקטיש דער פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער אַרבייטער־בעוועגונג, מוז נאָך בעזונדער דערמאָהנט ווערען די ערציהענדע ווירקונג פֿון די קאָנסום־פֿעראיינען. איך רעד שוין ניט פֿון דעם, וואָס זיי זענען בכח צו אָרגאַניזירען און אַריינצוציהען אין דעם קרייז פֿון די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען אַזעלכע אַרבייטער־שיכטען, וואָס שטעהען ווייט פֿון דער פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע (הויפּטזעכליך די פֿרויען), זיי האָבען נאָך אַן אַנדערע זעהר וויכטיגע בעדייטונג: זיי לערנען פּראַקטיש אויס דעם אַרבייטער־קלאַס זעלבסטשטענדיג אָנצופֿיהרען דאָס ווירטשאַפֿטליכע לעבען. פֿון די רייהען גופא פֿון אַרבייטער־קלאַס זענען אַרויס בעשיידענע אָנפֿיהרער פֿון בעשיידענע קאָנסום־פֿעראיינען; צוזאַמען אָבער מיט די פֿעראיינען זענען אויסגעוואַכסען און וואַכסען

אויס אויך די טוּעֶרס פֿון דיזע פֿערייניגען. די קאָנסום-פֿעראיינען נישט נור וואָס זיי פֿערלייכטערען די געגענווערטיגע עקזיסטענץ פֿון דעם אַרבייטער און די אַיינפֿיהרונג פֿון אַ העכערער און בעסערער פּראָדוקציאָנס-פֿאָרם, נור זיי גרייטען אויך צו דעם אַרבייטער-קלאַס צו זיין ראָלע אין דער צוקונפֿטיגער אָרדנונג, ווען איהם וועט אויסקומען זעלבסטשטענדיג צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציע פֿון לאַנד.

עס מוז אַלזאָ ווערען קאָנסטאַטירט, דאָס די קאָנסום-פֿעראיינען האָבען פּראַקטיש נישט נור נישט געבראַכט צו פֿערקלענערן דעם לויהן, נור זיי זענען אַליין געוואָרען אַ שאַרפֿעס געוועהר אין די הענד פֿון קעמפֿפֿענדען פּראָלעטאַריאַט פֿאַר אַ בעסערען היינט, פֿאַר אַ שענערען מאָרגען, פֿאַר אַ גליקליכערע צוקונפֿט.

## VI. דער וואוקס פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען.

מיר האָבען געזעהען, אַז די קאָנסום-פֿעראיינען בעזיצען די נויטווענדיגע בעדינגונג פֿון לעבען און וואַכסען, וועלכע פֿעהלט די פּראָדוקציאָנס-פֿעראיינען: דעם מאַרק. די קאָנסום-פֿעראיינען, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך שטענדיג מיט איינקויפֿען, האָבען ווייניג וואָס מורא פֿאַר עקאָנאָמישע קריזיסען, ווייל פֿערקויפֿען וועט מען זיי שטענדיג. בעת די פּראָדוקציאָנס-פֿעראיינען ווערען פּשוט אויסגעשניטען נאָך יעדען קריזיס, בלייבענדיג פֿערלעגען מיט זייער סחורה, וועלכע זיי מוזען כסדר אויסאַרבייטען, כדי זייערע מיטגלידער זאָלען האָבען פֿון וואַנען צו לעבען. שוין דאָס אַליין, די שוואַכע אָבהענגיגקייט פֿון דער צייטווייליגער עקאָנאָמישער קאָנױנקטור, גיט די קאָנסום-פֿעראיינען די מעגליכקייט צו וואַכסען און שטאַרק צו ווערען אָהן געפֿעהרליכע ערשיטערונגען, רעגעלמעסיג און כמעט אָהן אויפֿהער. נאָך אַנדערע אומשטענדען, וואָס זענען אויך ענג פֿערבונדען מיט דער נאַטור גופֿא פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען, האָבען געמאַכט זייער וואוקס נאָך לייכטער, זיכערער און שנעלער. איך וועל דאָ אָנווייזען נור אויף די וויכטיגסטע.

ערשטענס, צו גרינדען אַ קאָנסום-פֿעראיין, פֿאָדערט זיך נישט קיין גרויס קאַפּיטאַל. געוויס, וואָס רייכער דער פֿעראיין איז, אַלץ לייכטער איז איהם צו קריגען סחורה פֿאַר ביליגערע פּרייזען און פֿון בעסערען זאָרט. נור פֿונדעסטוועגען, די מיטגלידער האָבען שוין געוויסע נוצען פֿון פֿעראיין, אַפֿילו בעת ער הויבט אָן זיין טעטיגקייט מיט אַ גאַנץ קליינעם קאַפּיטאַל. אויב ער האָט אַ פּאָר הונדערט רובל, אַנ׳אַנדערש מאָל אַפֿילו נישט מעהר, ווי

עֶטליכֶע צעהנדליג, קען ער שוין צוטרעטען צו דער אַרבייט; ער קען אין אָנפֿאַנג אײנקױפֿען פֿאַר די מיטגלידער אַפֿילו נור אײניגע אַרטיקעל אַנגראָ, ברױט אָדער מעהל, מילך אָדער צוקער א. ז. וו. און ערשט שפּעטער, בעת די צאָהל מיטגלידער ווערט גרעסער און זײַן „קאַפּיטאַל“ פֿערמעהרט זיך אויך, קען ער ביסלעכווײַז פֿערברייטערן זײַן טעטיגקײַט.

צווייטענס. וואָס מעהר אַ קאָנסום־פֿעראיין וואַקסט, וואָס מעהר אַרטיקלען ער קען צושטעלען זײַנע מיטגלידער און וואָס ביליגער ער קען אײנקױפֿען דיזע אַרטיקלען, אַלץ מעהר נוצען פֿערשאַפֿט ער זײַנע מיטגלידער. אַלץ מעהר וואַקסט זײַן צוציהונגס־קראַפֿט פֿאַר די, וואָס שטעהען נאָך אויסען פֿעראיין. *דער וואוקס פֿון אַ קאָנסום־פֿעראיין איז אַלזאָ אַלײן אויך אַ סבה פֿון זײַן ווײַטערדיגען וואוקס*; און דאָ קען מען ווידער געברויכען דעם משל פֿון אַ קױל־שנעע, וואָס קײַקעלט זיך באַרג אַראָב: וואָס ווײַטער ער געהט און וואָס גרעסער ער ווערט, אַלץ נײַע שיכטען שנעע ציהט ער צו זיך צו; צו דיזען וואוקס איז פֿאַרהאַן נור אײן גרענעץ: אויב ס'איז מעהר ניטאָ קײן מאַטעריאַל צו־צוציהען; אויב אין דעם אָרט, וואו ס'ווירקט דער קאָנסום־פֿעראיין, איז שוין צוגעצוינען געוואָרען צו איהם די גאַנצע ברייטע מאַסע, דאַן וואַקסט שוין די צאָהל מיטגלידער לאַנגזאַמער, זי וואַקסט נור צוזאַמען מיט'ן וואוקס פֿון דער בעפֿעלקערונג. נור אויך דאַן קען דער פֿעראיין נאָך וואַקסען, אַחוץ דעם, אין דער טיעף, ד. ה. פֿערגרעסערענדיג די סומעס, אויף וועלכע די מיטגלידער קױפֿען זיך אײַן סחורה דורכ'ן פֿעראיין, פֿערמעהרענדיג די מינים אַרטיקלען, וואָס זיי פֿערשאַפֿען זיך דורך איהם, אײַנפֿיהרענדיג אײגענע פּראָדוקציע אין נײַע בראַנזשען און בכלל אויסבעסערענדיג די אָרגאַניזאַציע פֿון פֿעראיין, דעם פֿערברויך פֿון דעם ריוח א. ז. וו.

דריטענס, אין די *פּראָדוקציאָנס*־פֿעראײנען זענען די מיטגלידער עקאָנאָמיש פֿעראינטערעסירט צו בעגרענצען די צאָהל מיטגלידער: אויב דער פֿעראיין וועט געבען גוטע אײנקינפֿטע, דאַן איז זיי אַ שאָד צו טײלען זיך מיט אַנדערע, נײַ־צוגעקומענע; אויב, פֿערקעהרט, דעם פֿעראיין וועט אויסקומען איבערצולעבען שווערע, קריטישע צײַטען, דאַן איז די גרויסע צאָהל מיטגלידער פּשוט אַנ'אומגליק פֿאַר'ן פֿעראיין, ווארום יעדער נײַער מיטגליעד איז אויך אַ נײַער עסער, *אַ נײַע מויל*. די מיטגלידער פֿון די פּראָדוק־

ציאָנס־פֿעראײַנען מאַכען דערבײַ שטענדיג שווער דעם אײַנטריט פֿון נײַע מיטגלידער אין זייער פֿעראיין, און בעת זיי קענען פֿאָרט ניט אויסקומען אָהן נײַע אַרבײַטער, דינגען זיי בעסער צו אַרבײַטער אויף אַ געוויסע צײַט. נישט רעדענדיג שוין פֿון דעם, אַז דאָס פֿערוואַנדעלט זיי אין קלײַנבירגערליכע פֿעראײַנען, האַלט דאָס אויך אָב זייער וואוקס, דעם וואוקס פֿון דער צאָהל מיטגלידער זייערע. אַנדערש געהט עס צו אין די קאָנסום־פֿעראײַנען. יעטוועדער מיטגליד איז שטענדיג פֿעראינטערעסירט, די צאָהל מיטגלידער פֿון פֿעראיין זאָל כסדר וואַקסען און יעדערענס קניות זאָלען גרעסער ווערען, וואָרום וואָס גרעסער דער פֿעראיין איז, וואָס מעהר סחורה ער קויפֿט אײַן, אַלין בילינגער און בעסער קען ער עס אײַנקויפֿען, און אַלץ בילינגער בעקומט יעדער אײַנציגער זײַן שטיקעל סחורה, אָדער אויב ער צאָהלט דעם זעלבען פרײַז ווי פֿריהער, אַלץ גרעסער איז די סומע, וואָס ער קריגט סוף יאָהר פֿון פֿעראיין צוריק. און דיזער עגאָאיסטישער אינטערעס פֿון יעדען אײַנצעלנעם מיטגליד שטופּט זיי צוציהען נײַע מיטגלידער, צו אינטענסיפֿיצירען, שטאַרקער צו מאַכען זייער אָנטייל אין פֿעראיין, ד. ה. צו פֿערגרעסערן דעם פֿעראיין אין דער ברייט און אין דער טיעף.

אין אַלגעמיין זונדערען זיך אויס די קאָנסום־פֿעראײַנען פֿון אַנדערע אַרבײַטער־פֿעראײַנען דערמיט, וואָס בכלל פֿאָדערען זיי פֿון די מיטגלידער קיין שום קרבנות ניט. אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿעראיין פֿאָדערט שטענדיג אָבצאָהלונגען, פֿאָדערט בעזונדער גרויסע אָפּפֿער פֿון אַרבײַטער אין דער צײַט פֿון אַ שטרייק א. ד. ג. דאָס זעלבע איז בנוגע צו דער פּאָליטישער פּאַרטיי פֿון אַרבײַטער־קלאַס א. ז. וו. די קאָנסום־פֿעראײַנען, הויפּטזעכליך בעת זיי פֿונקציאָנירען שוין, פֿאָדערען פֿון זייערע מיטגלידער קיין שום אָפּפֿער ניט. זיי גיבען זיי, פֿערקעהרט, נור נוצען. דערמיט, וואָס דער מיטגליד קויפֿט די אַרטיקלען פֿון זײַן פֿערברויך אין פֿעראיין, לײַדט ער אין קיין שום הינזיכט ניט. ער געווינט נור אי בנוגע צו דער גוטקייט פֿון דער סחורה, אי בנוגע צו איהר פרײַז. דער אײַנציגער אָפּפֿער, וואָס פֿאָדערט זיך בײַם מיטגליד, איז געוועהנליך דאָס, וואָס ער מוז ערווערבען אַ מיטגלידס־אַקציע פֿון פֿעראיין. נור אויב דער פֿעראיין איז דורכגעדרונגען מיט קלײַנבירגערליכען גייסט, דאַן בעקומט ער אויף זײַן אַקציע אַ געוויסען, הגם שטענדיג זעהר אַ קלײַנעם פּראָצענט: דאָס איז אַלזאָ קיין קרבן

נישטט(*). אין די פֿעראייניגען ווידער, וואס זענען דורכגעדרונגען מיט א ריין פּראָלעטאַרישען גייסט, קאָסט די מיטגלידס-אַקציע זעהר א קליינינקייט, אַזוי אַז סוף יאָהר קריגט דער נייער מיטגליד פֿון דעם געבליבענעם ריוח צוריק מעהרער ווי דאס, וואס די אַקציע האָט איהם געקאָסט; זעהר אָפֿט איז איינגעפֿיהרט, דאס פֿאַר די אַקציע קען דער נייער מיטגליעד בעצאָהלען נישט מיט בארען געלד, נור אַראָברעכענענדיג סוף יאָהר פֿון דעם ריוח, וואס מאַכט אויס אויף זיין חלק; פּאַקטיש, הייסט עס, דאַרף ער קיין גראָשען ניט מקריב זיין. אין אַנדערע פֿעראיינען, וועלכע שטעהען שוין פֿעסט אויף די פֿיס, האָט מען אינגאַנצען אָבגעשאַפֿט די מיטגליעדער-אַקציעס, אָדער די בעצאָהלונג פֿון אַ וועלכען ניט איז איינטריטס-געלד.

ביי אַזעלכע פֿעדינגונגען איז קיין וואונדער נישט, דאס די צאָהל קאָנסום-פֿעראיינען, די דורכשניטליכע צאָהל מיטגליעדער פֿון יעדען קאָנסום-פֿעראיין און די דורכשניטליכע סומען, אויף וויפֿיעל יעדער מיטגליעד נעהמט אַנטייל אין די אָפּעראַציעס פֿון פֿעראיין, האַלט כסדר אין איין וואַקסען אין אַלע איראָפּעאישע לענדער.

אין דעם אַליין דריקט זיך נאָך פֿונדעסטוועגען ניט אויס די גאַנצע וואַקסענדע מאַכט פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען, צו דעם מוז נאָך צוגעגעבען ווערען די וואַקסענדע אייניגונגס-שטרעבונגען צווישען די קאָנסום-פֿעראיינען. אויב עס לויהנט בעסער איינצוקויפֿען טויזענד פֿוד מיט אַמאָל איידער צו הונדערט; אויב עס לויהנט בעסער איינצוקויפֿען אָדער צו פּראָדוצירען פֿאַר צעהן טויזענד מיטגלידער, ווי פֿאַר דריי טויזענד, דאַן צו וואס זאָל יעדער פֿעראיין איינקויפֿען אָדער פּראָדוצירען נור פֿאַר זיך אַליין? פֿאַר וואס זאָלען די פֿעראיינען גופֿא פֿון פֿערשיעדענע שטעדט, וואס ליגען בשכנות, זיך נישט פֿעראייניגען כדי איינצוקויפֿען מיט אַמאָל פֿאַר דיזע אַלע פֿעראיינען? פֿאַרוואס זאָלען זיי נישט גרינדען אַ פֿעראיין פֿון פֿעראיינען, אַ אַנגראָ-פֿעראיין, וואס זאָל צושטעלען די סחורות די איינצעלנע פֿעראינען, כדי אויף אַזאַנאַרט אויסצומיידען אויך דעם

---

(*) דיזען „פּראָצענט" איז פֿונדעסטוועגען שווער צו פֿערגלייכען פֿאַר אַנ'עקספּלאָאַטאַציע, ווארום בכלל האָט יעדער מיטגליעד אַזאַנ'אַקציע און נור איינע: ס'קומט אַלזאָ אויס, אַז אַלע מיטגליעדער קריגען אין דער הינזיכט אַ גלייכען טייל פֿון דעם געבליבענעם ריוח: קיינער עקספּלואַטירט אַלזאָ קיינעם נישט.

אַנגראָ-סוחר אָדער דעם פֿאַבריקאַנט — אויך? אויב אַ פֿעראיין קען שוין האָבען אַ געוויסע ווירקונג אויף די פּרייזען און אויף די פּראָדוקציע, דאַן אַ פֿעראיין פֿון פֿעראיינען, אַ פֿ ע ר ב אַ נ ד, וואָס פֿעראייניגט הונדערטער און טויזענדער פֿעראיינען פֿון אַ גאַנצען געגענד, אָפֿטמאָל פֿון אַ גאַנצער מלוכה, אַ פֿערבאַנד פֿון פֿעראיינען, וועלכער קויפֿט אָפֿטמאָל אַיין פֿאַר מ י ל י אָ נ ע ן מענשען, קען, פֿערשטעהט זיך, האָבען אַזאַ ווירקונג אויף די פּרייזען און די פּראָדוקציע, דאָס די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפֿט פֿון דער מדינה זאָל זיך מוזען מיט איהר רעכענען.

און ס'איז געווים נישט ווייט דער טאָג, ווען די פֿערבאַנדען פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען פֿון פֿערשידענע לענדער וועלען אַריינגעהן אין גאַנץ נאָהנטע א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע בעציהונגען איינע מיט די אַנדערע און אויף אַזאַן'אַרט זיך מעכטיג ענטגעגענשטעלען דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער אָליגאַרכיע, וועלכע האָט, אונטער דער פֿאָרם פֿון טרעסטען און קאַרטעלען, מאָנאָפּאָליזירט אין איהרע הענד כמעט די גאַנצע אינדוסטריע, צערשטערענדיג די קלענערע פּראָדוצענטען און ראַבירענדיג די ברייטע מאַסע קאָנסומענטען, דורך די שרעקליך-הויכע פּרייזען, וואָס זי לעגט ווירקליך אַרויף אויף אַלע וויכטיגסטע פֿערברויכס-אַרטיקלען. וויכטיגע קאָנקרעטע טריט צו אַזעלכע אינטערנאַציאָנאַלע פֿערבינדונגען צווישען די פֿעראייניגטע קאָנסום-פֿעראיינען פֿון פֿערשידענע לענדער זענען שוין דורכגעפֿיהרט געוואָרען אין לעבען.

אֶבֶן מאסו הבונים היתה לראש פנה.

---

נישט דאָ איז דער אָרט צו שרייבען די געשיכטע פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען, הגם די געשיכטע פֿון דיזען מין קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג געהערט געווים צו די גלענצענדסטע זייטען פֿון דער נייעסטער היסטאָריע. איך וועל מיך נור בעגרענצען מיט עטליכע ציפֿער, וועלכע וועלען געבען דעם לעזער נישט קיין לעבעדיגעם בילד, נור דאָך אַ געוויסען בעגריף איבער דעם ג ע ג ע נ וו ע ר ט י ג ע ן צושטאַנד פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען אין די וויכטיגסטע אייראָפּעאישע לענדער.

דעם ערשטען פּלאַץ אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג פֿערנעהמט ביז איצט ע נ ג ל אַ נ ד. נור כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ענגלאַנד איז נישט אַזוי די פֿערמעהרונג פֿון די פֿעראיינען, נור זייער פֿערגרעסערונג: דער וואוקס פֿון די צאָהל מיטגלידער זייערע,

פון דעם אומלויף, וואָס זיי מאַכען, פון די געבליבענע רוחים א. ז. וו. אין 1909 איז אין ענגלאַנד (מיט שאָטלאַנד צוזאַמען) געוועזען 1561 פעראיינען מיט העכער דריטהאַלבען מיליאָן מיטגלידער (2.585.293); אויב מיר נעהמען אין בעטראַכט, דאָס אַלס מיטגליעד אין קאָנסום־פעראיין איז געוועהנליך אַ גאַנצע פאַמיליע, דאַן קומען מיר צום בעשלוס, דאָס אַ בעפעלקערונג פון צעהן ביז צוועלף מיליאָן מענשען איז אין ענגלאַנד אָרגאַניזירט אין קאָנסום־פעראיינען. דער „קאַפּיטאַל“ פון די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען האָט אין דעם זעלבען יאָהר דערגרייכט העכער 34 מיליאָן פונט סטערלינג (34.136.000), ה. ה. אַ דריטעל מיליאַרד רובל. די קניות (דער אומלויף) זענען געמאַכט געוואָרען דורך די פעראיינען אין פערלויף פון יאָהר, נישט רעכענענדיג די איינקויפען פון די צוויי הורטאָווע פערבאַנדען, אויף העכער 75 מיליאָן פונט סטערלינג, ד. ה. אויף דריי פערטעל מיליאַרד רובעל; די צוויי הורטאָווע פערבאַנדען פון די ענגלישע און שאָטלענדישע קאָנסום־פעראיינען האָבען דורכגעפיהרט אָפּעראַציעס אויף העכער 33 מיליאָן פונט סטערלינג, ד. ה. אויף אַ דריטעל מיליאַרד רובל; די קנאַפּע העלפט (44 פראָצ.) פון די איינקויפען פון די קאָנסום־פעראיינען ווערען אַלזאָ געמאַכט דורך די הורטאָווע פערבאַנדען. רווח איז אין פערלויף פון יאָהר געבליבען העכער פון צוועלף מיליאָן פונט סטערלינג (12.011.123), ד. ה. אונגעפעהר הונדערט צוואַנציג מיליאָן רובל. (אין פערלויף פון דעם איין יאָהר 1909 האָט זיך דער רווח פערגרעסערט אויף דריטהאַלבען מיליאָן רובל).

דאַרף איך נאָך דאָ דערמאָהנען, אין וואָס בעשטעהט דער פערמעגען פון די פעראיינען? דאַרף איך דערצעהלען, אַז דער ענגלישער הורטאָווער פערבאַנד פערמאָגט אַליין אונגעהויער־גרויסע מיהלען, וואָס אַרבייטען אויס מעהל אויף מיליאָנען, זייף־פאַבריקען, טוך־פאַבריקען, וועבערייען, קליידער־פאַבריקען, שוך־פאַבריקען, טאַבאַק־פאַבריקען, פאַבריקען פון אייזען, פון בלעך, פון בערשט, פון העמדער, פון קאָרסעטען, פון זאָקען, דרוקערייען און אַנדערע? נור גענוג וועגען ענגלאַנד. לאָמיר געבען אַ קוק ערגעץ אַנדערש וואו.

אין דער קליינער שווייץ געהען אַריין אין איין פערבאַנד 311 קאָאָפּעראַטיווען (אין 1909). 295 פון זיי האָבען אין 1909 אַריינגענומען העכער צוויי הונדערט טויזענד מיטגליעדע־

(201,903), ד. ה. אינגעפעהר א מיליאן מענשען (די גאנצע שווייצערישע בעפעלקערונג איז נישט פיעל העכער ווי דריי מיליאן). פערהעלטניסמעסיג איז אלזא די קאאפעראטיווע בעוועגונג אין דער שווייץ נאך מעהר ענטוויקעלט, ווי אין ענגלאנד. דער אומלויף פון דיזע 295 פעראיינען איז געווען געניג 90 מיליאן פראנק (88.684.205) און זייער רווח איז געווען העכער 7¼ מיליאן פראנק (7.276 .750).

אין דייטשלאנד טיילען זיך די קאנסום־פעראיינען אין צוויי גרופען: איינע איז פעראייניגט אין דעם אויבענדערמאהנטען „אלגעמיינעם פערבאנד“ און טראגט בכלל א מעהר קליינבירגערליכען כאראקטער; זי פעראייניגט א פערטעל מיליאן מיטגלידער. די צווייטע, די פיעל גרעסערע, טראגט א מעהר פראלעטארישען כאראקטער און איז פעראייניגט אין איין „צענטראל־פערבאנד“. דער צענטראל־פערבאנד פעראייניגט עלף הונדערט קאנסום־פעראיינען (1124 אין 1909) מיט געניג נײַן הונדערט טויזענד מיטגלידער. אין גאנצען אלזא האבען אין דייטשלאנד די קאנסום־פעראיינען העכער א מיליאן און הונדערט טויזענד מיטגלידער. ווען מען רעכענט צו צו די מיטגלידער אויך זייערע פאמיליעס, איז דארטען אין די קאנסום־פעראיינען אלזא ארגאניזירט א בעפעלקערונג פון אונגעפעהר זעקס מיליאן מענשען. דער אומלויף פון די קאנסום־פעראיינען, וואס געהען אריין אין צענטראל־פערבאנד, האט אין 1909 אויסגעטראגען 274 מיליאן מארק.

איך וואלט געקאנט ברענגען נאך און נאך ציפער, נאך און נאך ידיעות, איך וואלט געקאנט בעזונדער דערצעהלען וועגען די בעלגישע קאנסום־פעראיינען, וואו לויט דעם אויסדרוק פון זייער פיהרער אנזעעלע, באמבארדירט מען די קאפיטאליסטישע פעסטונגען מיט קארטאפעל און פיער־פונטיגע „לעבעלעך ברויט“, וואו די גלענצענדע און ערפרייענדע געשיכטע פון דער קאנסום־פעראיין־בעוועגונג איז ענג צוזאמענגעפלאכטען מיט דער גאנצער ארבייטער־בעוועגונג פון לאנד; אפשר וועט מיר נאך ווען עס איז אויסקומען צו רעדען וועגען דעם מיט דעם יודישען לעזער. דערווייל גענוג.

## VII די קאנסום־פעראיינען און פערשיעדענע סאציאלע קלאסען.

„די קאאפעראציע, דאס איז דער שלום“, אזוי האבען אין אנפאנג געמיינט די בורזשואזע אידעאלאגען, וואס האבען גע־

חלומ'ט וועגען „סאָציאַלען פֿריעדען". אַנטקעגען דער פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער בעוועגונג פֿון אַרבײַטער-קלאַס האָבען זיי דעריבער געריהמט און געלויבט די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, וועלכע ברענגט כלומר'שט נישט קאַמפּף, נור שלום צווישען די פֿערשיעדענע סאָציאַלע קלאַסען. ס'איז אָבער געווען אַ טעות, אַ ביטערער טעות. די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, ווי יעדע געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג, איז פֿריהער ווי אַלץ אַ קלאַסען-קאַמפּף. איך האָב עס געוויזען בנוגע צו די פֿעראיינען, וואָס זוכען צו שטיצען די פּראָדוקציע; איך האָב געוויזען, ווי די קאָאָפּעראַטיווען זענען דאָרטען אַן ערנסטער קאַמפּפֿס-מיטעל אין די הענד פֿון דעם קליינעם פּראָדוצענט, הויפּטזעכליך פֿון פּויער, געגען דעם גרעסערען קאַפּיטאַליסט און דעם הענדלער. די קאָנסום-פֿעראיינען זענען אַ געפֿעהרליכע קאַמפּפֿס-געוועהר געגען דעם קליינבירגער, הויפּטזעכליך געגען דעם קרעמער. די זעלביגע ציפֿער, וואָס ווײַזען אונז דעם מעכטיגען וואוקס פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען, ווײַזען אונז אויך, וואָס פֿאַר אַ שרעקליכען חורבן זיי ברענגען דעם קרעמער.

לאָמיר אָננעהמען, אַז יעדער קרעמער מאַכט דורכשניטליך פֿינף טויזענד רובל יעהרליכען אומלויף; דאָס איז געוויס ניט צופֿיעל, אויב מען נעהמט אין אַכט, דאָס די גרעסטע מעהרהייט פֿון די קליינע קרעמערלעך מאַכט וועהר אָפֿט נישט די העלפֿט און אַפֿילו נישט קיין פֿערטעל פֿון דעם; אין די קליינע שטעדטלעך וועט איהר געפֿינען אַ מאַסע קרעמער, וואָס מאַכען אַפֿילו קיין צעהנטעל פֿון דעם אויך ניט אומלויף אין אַ יאָהר. דער ציפֿער פֿינף טויזענד איז אַלזאָ גיכער צו הויך ווי צו נידריג. היינט בעקלערט איצט, וואָס בעדײַטעט דאָס, וואָס די ענגלישע קאָנסום-פֿעראיינען האָבען אין לעצטען יאָהר (צוזאַמען מיט די צוויי הורטאָווע פֿערבאַנדען) געהאַט אומלויף פֿון אַ מיליאַרד רובל? אָנשטאָט דעם, וואָס געוועהנליך בעשעפֿטיגען זיך מיט צושטעלען אַזוי פֿיעל סחורה די קאָנסומענטען, צוויי מאָל הונדערט טויזענד קרעמערס, האָבען עס זיך די ענגלישע קאָנסומענטען אַליין געשאַפֿען; פֿון איין זײַט, הייסט עס אַלזאָ: מען האָט אײַנגעשפּאָרט די הוצאות אויף אויסצוהאַלטען אַזאַ אונגעהויערע מחנה פֿערמיטלער מיט זייער הויזגעזינד; פֿון דער אַנדערער זײַט הייסט עס אָבער: מען האָט בײַ אַזאַ אונגעהויערע מחנה מענשען, וואָס צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינד דערגרייכט ביז אַ מיליאָן, אָבגענומען דאָס לעצטע שטיקעל ברויט. דאָס איז ניט נור אַ קאַמפּף צווישען פֿער-

שיידענע קלאַסען, דאָס איז פּשוט אַ מלחמה, אַ מלחמה אויף לע־
בען און טויט, און ווי אין יעדער מלחמה — וועה איז דעם בע־
זיעגטען!

ווער בלייבט, בכלל גענומען, דער בעזיעגטער, דער קאָנסום־
פערעין אָדער די קרעמערס, — דאָס ווייזען אונז דייטליך די
עטליכע איבערגעגעבראַכטע ציפער. מיט די לעצטע כּחות, ווערט
זיך אָבער אומעטום דער קרעמער געגען דעם קאָנסום־פערעין.
ער ווענדעט אָן אין דעם קאַמפף אַלע מיטלען: ריינע און שמוציגע,
אָפענע און בעהאַלטענע, פּריוואַטע און געזעלשאַפטליכע. און ס'איז
גאָר קיין וואונדער ניט: ער און דער קאָנסום־פערעין זענען באמת
טויטליכע שונאים.

דער גרויסער קאַפּיטאַל פערנעהמט בנוגע צו די קאָנ־
סום־פערעינען „אַ פריינדליכען נייטראַליטעט". די הויכע געזעלשאַפט־
ליכע קלאַסען בענוצען זיך אַליין נישט מיט די קאָנסום־פערעינען.
די קליינע אָבשפּאָרונגען שפּילען ביי זיי קיין שום ראָלע נישט;
ביי די קליינע קרעמערלעך קויפען זיי סיי ווי סיי ניט איין. וויי־
טער קיין לוקסוס־זאַכען, וואָס ווערען ווייניג פערברויכט, וואָס גע־
העהן געשווינד אַרויס פון דער מאָדע, וואָס קענען צופרידענשטע־
לען דעם אויסגעקינצעלטען געשמאַק פון איינצעלנע פערזאָנען —
אַזעלכע זאַכען האַלט דער קאָנסום־פערעין נישט און קען נישט
האַלטען. די הויכע געזעלשאַפטליכע קלאַסען האָבען אַלזאָ אין
קאָנסום־פערעין גאָרנישט וואָס צו טאָן: ער איז נישט בעשטימט
פאַר זיי און זיי טויגען ניט פאַר איהם. וויי טער קעמפּפען, קעמ־
פּפען זיי בכלל אויך ניט איינער מיט דעם אַנדערען: דער גרויסער
קאַפּיטאַליסט זעהט אין קאָנסום־פערעין נישט קיין קאָנקורענץ פאַר
זיך. ער פערהאַלט זיך אַלזאָ צו איהם נייטראַל. נור אַזאַ דעמאָ־
קראַטישער פערעין, וואָס איז ניט קיין דירעקטער שונא פון דעם
גרויסען קאַפּיטאַליסט, ציהט שוין דערמיט גופא צו די סימפּאַטיע
פון די רייכע קלאַסען; אַחוץ דעם, דער קאָנסום־פערעין איז אַ
גאַנץ אָנגעזעהענער קונה, אַ רייכער קונה און אַ גרויסער קונה, און
מיט אַזעלכע „פיינע בעל־הבתים" סימפּאַטיזירט שטענדיג דער
פאַבריקאַנט. דעריבער פערנעהמען טאַקע די רייכע קלאַסען אַ
פריינדליכען נייטראַליטעט בנוגע צום קאָנסום־פערעין. ס'פּאַ־
סירט אַפילו אָפטמאָל (און אַמאָל פלעגט עס זיך טרעפען עפטער
ווי איצטער), אַז פאָרשטעהער פון די הויכע קלאַסען געהערען
אַליין צו די גרינדער פון קאָנסום־פערעינען.

אויף וועמען שטיצט זיך די קאנסום-פעראיין-בעוועגונג?

אויף די גאנצע ברייטע מאסע פון קליינע קאנסומענטען, מיט וועלכע די קאנסום-פעראיינען קאנקורירען נור ניט. דאס איז, ערשטענס, דער גאנצער ארבייטער-קלאס. איך האב שוין אויבען געוויזען, ווי ווייט דער ארבייטער ווערט עקספלואטירט אלס קליינער קאנסומענט, און ווי ווייט נוצליך ס'איז פאר איהם דער קאנסום-פעראיין. ס'איז איבעריג דא עס איבערצוחזרן. צום ארבייטער-קלאס דארף נאך צוגעגעבען ווערען די גאנצע מענגע קליינע און מיטעלע בעאמטע, וועלכע קריגען געוועהנליך א בעשטימטען קליינעם געהאלט און פאר וועלכע יערע אבשפארונג שטעלט פאר א געוויסען ווערט. צום סוף דארף אהער נאך צוגערעכענט ווערען דער גרעסטער טייל פון מיטעלשטאנד: ראשית, דאס פויערטום, וואָרום אויך מיט איהם קומט דעם קאנסום-פעראיין ניט אויס צו קאנקורירען; און אויך די גרויסע מעהרהייט פון די קליינע בעלי-מלאכות.

שטעלט אייך פאר, אז דער פעראיין פערקויפט צווישען אנדערע זאכען אויך שיך. פאר דעם קליינבירגערליכען שוסטער, וואס ארבייט מיט א פאר געדונגענע ארבייטער, איז די שיך-אבטיילונג פון פעראיין ניט שטענדיג א קאנקורירענדע אונטערנעהמונג; אויב דער שוסטער ארבייט פאר א שוך-סוחר, דאן איז דער קאנסום-פעראיין געוויס ניט זיין קאנקורענט; אויב ער ארבייט דירעקט פאר'ן פערברויך, פאר די, וואס בעשטעלען פאר זיך א פאר שיך ביי איהם, דאן קאנקורירט דער פעראיין געוויס יא מיט איהם, אבער פונדעסטוועגען ניט אזוי שטארק; וואָרום אין פעראיין געפינט מען געוועהנליך נור פארטיגע שיך, און ניט אלע, וואס בעשטעלען פאר זיך סחורה, וואס זענען געוואוינט זיך צו לאזען נעהמען א מאס און לאזען פאר זיך ספעציעל מאכען, וועלען געהן אין פעראיין קויפען פארטיגע סחורה: פאר דעם בעל-מלאכה, וואס ארבייט אויף בעשטעלונג, איז דאס געשעפט מיט פארטיגע סחורה נאך ניט אזא געפעהרליכער קאנקורענט. פאר דעם געוועלבעל פון פארטיגע שיך, וואס ווערט אונטערגעהאלטען אפילו דורך בעלי-מלאכות, איז די שוך-אבטיילונג פון פעראיין געוויס א שרעקליכער קאנקורענט. פאר בעקערס צ. ב. און בכלל פאר די אלע בעלי-מלאכות, וואס זענען אין דער זעלבער צייט אויך קרעמערס, זענען די קאנסום-פעראיינען פערביסענע קאנקורענטען, וועלכע וואלטען זיי עס איז אוי-

נער דעם אנדערען צו פערניכטען. נור אויך בנוגע צו די בעל־מלאכות — קרעמערס מוז אנגעמערקט ווערען, דאס זיי ווערען שונאים פון קאנסום־פעראיין נור דאן, בעת ער עפענט אנ׳אבטיילונג פון אזא מין סחורה, וואס קאנקורירט מיט זיי (דהיינו, פאר די שוסטער — אויב ער עפענט א שוך־אבטיילונג); ווילאנג אבער ער קאנקורירט מיט זיי ניט, זענען די קליינע בעל־מלאכות אליין פעראינטערעסירט צו געהערען צום פעראיין. די קליינבירגערליכע זייגערמאכער, שניידער, מאלערס, שוסטער, מיט וועלכע דער פעראיין קאנקורירט ניט, האבען פון איהם קיין שום שאדען ניט, און פערקעהרט, ביי׳ם איינקויף פון אלע ארטיקלען פאר זייער פערברויך זענען זיי, צוגלייך מיט די ארבייטער, און בעאמטע א. ד. ג., העכסט פעראינטערעסירט זיך צו ווענדען נישט צום קליינעם קרעמער, נור צום קאנסום־פעראיין.

דעם מיטעלשטאנד געהערט אלזא נישט קיין קליינער טייל מיטגלידער פון די קאנסום־פעראיינען. אין דענעמארק צום ביישפיעל, בעשטעהען די קאנסום־פעראיינען מייסטענס פון פויערים. אין די גרעסטע קאנסום־פעראיינען פון פערשידענע לענדער, אין די פעראיינען, וואס נעהמען ארום כמעט די גאנצע בעפעלקערונג פון דער אדער יענער שטאדט, קען מען שטענדיג געפינען א גרויסען פראצענט קליינבירגער. אזוי, צ. ב., דער גרעסטער קאנסום־פעראיין אין דער וועלט, וועלכער האט אין יאהר 1909 געהאט 93,190, ד. ה. גענויע הונדערט טויזענד מיטגלידער, דער קאנסום־פעראיין פון ב ר ע ס ל ו י (אין פרייסען), וועלכער נעהמט ארום כמעט די גאנצע ברעסלויער בעפעלקערונג, געפינט זיך אין די הענד פון מיטעלשטאנד און געהערט טאקי ניט צום „צענטראל־פערבאנד“, נור צום קליינבירגערליכען „אלגעמיינעם פערבאנד“. דאס זעלבע איז אויך אין א געוויסער מאס ריכטיג בנוגע צום גרעסטען ענגלישען קאנסום־פעראיין — פון לידס, און צום גרעסטען שווייצערישען — פון ב א ז ע ל: ארומנעהמענדיג כמעט די גאנצע בעפעלקערונג פון שטאדט, בעשטעהען זיי אין זעהר א גרויסער מאס פון קליינבירגערליכע עלעמענטען.

ס׳פערשטעהט זיך, אז די אנוועזענהייט פון קליינבירגערליכע עלעמענטען האט א געוויסע ווירקונג אויף דעם כאראקטער גופא פון דעם קאנסום־פעראיין. אין וואס דריקט זיך אויס דיזע ווירקונג? אין וואס בעשטעהט דער אונטערשיעד צווישען די קאנסום־פעראיינען, וואס טראגען ביז א געוויסען גראד א קליינבירגערליכען כא־

ראַקטער, און די פּראָלעטאַרישע קאָנסום־פעראיינען?

פאַר דעם קליינבירגער, וואָס טרעט צו צום קאָנסום־פעראיין, איז דער פעראיין וויכטיג נור אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער מאַכט איהם לייכטער זיין געגענווערטיגע עקזיסטענץ; וואָרום אין דער צוקונפט שטעלט ער זיך קיין גרויסע ענדערונגען ניט פאָר. פאַר'ן אַרבייטער איז וויכטיג נאָך אַ צווייטע זאַך: ווי ווייט דער פעראיין גרייט צו אַ גערעכטיגערע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. און דעריבער טאַקי האָט דער קליינבירגער אין זינען נור די נוצען פון פעראיין היינט; דער אַרבייטער אָבער האָט אין זינען אויך זיין ווירקונג מאָרגען; דער קליינבירגער האָט אין זינען נור די פּערזענליכע נוצען, וואָס דער פעראיין שאַפט איהם, — דער אַרבייטער מוז שטענדיג געדענקען זיינע קלאַסען־אינטערעסען, מוז שטענדיג אין זינען האָבען דעם מאַטעריעלען און גייסטיגען וואוקס פון אַרבייטער־קלאַס, ווייל פון דעם הענגט אָב די צוקונפט פון דער העכערער און בעסערער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. און טאַקי אין דעם זינען זוכט יעדער פון דיזע ביידע קלאַסען צו ווירקען אויף די קאָנסום־פעראיינען.

אויכדריקען דריקט עס זיך אויס אין פערשידענע איינצעלהייטען, פון וועלכע די וויכטיגסטע זענען די פאָלגענדע צוויי פּונקטען:

1) אין בעשטימען די פּרייזען און פאַנאַנדערטיילען דאָס געבליבענע ריוח. דער קליינבירגער האָבענדיג אין זינען נור זיינע אונמיטעלבאַרע נוצען, פאָדערט געוועהנליך, אַז די פּרייזען אויף די סחורות זאָלען אין פעראיין געשטעלט ווערען מעגליך ביליגער, און אַז דאָס ריוח זאָל סוף יאָהר ווי ווייט מעגליך נור אין גאַנצען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען צווישען די מיטגליעדער. דורכדעם קאָסט איהם דאָס לעבען עטוואָס ביליגער, און סוף יאָהר פאַלט איהם נאָך צו עטליכע אָבגעשפּאָרטע גראָשען (הגם נישט קיין סך, וואָרום אויב די פּרייזען זענען לכתחילה געשטעלט אויסערסט ביליג, קאָן צאָהלען די מיטגליעדער זעהר ווייניג איבער, און ס'בלייבט אין פעראיין נור גאַנץ ווייניג ריוח).

פאַר'ן אַרבייטער זענען ביליגע פּרייזען נישט שטענדיג אַ מעלה; ביי געוויסע בעדינגונגען קען עס נאָך ברענגען צום פאַלען פון דעם אַרבייטס־לוין: דער אַרבייטער דאַרף שטענדיג האָבען אין זינען אויפצוהאַלטען און אויפצוהייבען זיין לוין, אויפ־

הויבענדיג זיין לעבענס-אַרט, און דעריבער איז ער פֿעראינטערעסירט בשעת'ן איינקויף צו צאָהלען פֿאַר זיינע לעבענס-מיטעל נישט פיעל ביליגער, ווי פריהער און אויסנוצען אַמעגליך גרויסען טייל פֿון דעם געבליבענעם ריוח אין די אינטערעסען פֿון זיין קלאַסען-קאַמפּף און אויף אויפֿצוהויבען זיין גייסטיגען צושטאַנד; ער איז אַלזאָ פֿעראינטערעסירט צו לאָזען אַמעגליך גרויסען טייל פֿון זיין ריוח אויף צו פֿערגרעסערען די אונטערנעהמונגען פֿון קאָנסום-פֿעראיינען, כדי אויף אַזאַ נ'אַרט צו פֿערמעהרען די עקאָנאָמישע מאַכט פֿון אַרבייטער-קלאַס און ביסלעכווייז שטעלען אַנטקעגען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, די פּראָדוקציע דורכ'ן פֿעראיין, די קאָלעקטיווע פּראָדוקציע, וואו די פּראָדוקציאָנס-מיטעל געהערט ניט צו איינצעלנע פּערזאָנען, נור צו דער פֿעראייניגטער און פֿרייער דעמאָקראַטישער מאַסע; די הונדערטע מיליאָנען, וואָס בלייבען צ. ב. אין די ענגלישע קאָנסום-פֿעראיינען, דאָס זענען אַלץ סומען, וואָס ווערען אַרויסגעריסען פֿון דעם פּריוואַט-אייגענטום, און וואָס פֿערמעהרען דאָס קאָלעקטיווע, געזעלשאַפֿטליכע אייגענטום; דאָס זענען מעכטיגע עקאָנאָמישע קאַמפּפס-מיטלען און שטיץ-פּונקטען פֿאַר די איבערבויאונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט אויף נייע יסודות. אויסער דעם, איז דער אַרבייטער פֿעראינטערעסירט, דאָס אַ גרויסער טייל רוח זאָל געהן אויך אויף גרינדען פֿערשיעדענע קולטורעלע איינריכטונגען פֿאַר'ן אַרבייטער-קלאַס און אויף שטיצען אַנדערע פֿאָרמען פֿון פּראָלעטאַרישען קאַמפּף, דעם פּראָפֿעסיאָנעלען און פּאָליטישען קלאַסען-קאַמפּף. ווילאַנג די מלוכה פֿערזיכערט נישט די עקזיסטענץ פֿון אַרבייטער געגען אַרבייטסלאָזיגקייט, געגען קראַנקהייטען און אויף דער עלטער, גרינדען אָפֿט די קאָנסום-פֿעראיינען פֿון זייערע רוחים אויך פֿערזיכערונגס-קאַסעס (איך מיין אָבער, אַז די לעצטע טעטיגקייט איז מעהר נישט אַדערווייליגע אַרבייט, בכלל אָבער דאַרף זי, און פֿריהער אָדער שפּעטער וועט זי אויך, אין אַלע דעמאָקראַטישע לענדער אַרויפֿגעלעגט ווערען אויף די מלוכה).

2) די אַרבייטס-בעדינגונגען פֿאַר די, וואָס אַרבייטען ביים פֿעראיין. דער קליינבירגער, זוכענדיג צו קריגען וואָס מעהר רוח פֿון פֿעראיין, איז פֿעראינטערעסירט צו עקספּלואַטירען די, וואָס אַרבייטען אין די געוועלבער, אין די פֿאַבריקען און אַנדערע אונטערנעהמונגען פֿון פֿעראיין; וואָס ווייניגער גע-

האַלט מען װעט אױסצאָהלען די אַלע, װאָס אַרבײַטען בײַ׳ם פֿעראײן, אַלץ מעהר רוח װעט אין פֿעראײן בלײַבען; װאָס לענגער ס׳װעט זײַן דער אַרבײַטס־טאָג אין די פֿאַבריקען פֿון פֿעראײן, װאָס מעהר מ׳װעט דאָרטען „אָבשפּאָרען“ אױף אױסבעסערן די אַרבײַטס־בעדינגונגען, אַלץ מעהר, מײנט דער קלײנבירגער, װעט דער פֿעראײן האָבען ריוח; קורץ, דער קלײנבירגערליכער עלעמענט שטרעבט צו דעם, אַז דער פֿעראײן זאָל זיך בעגעהען בנוגע צו זײַנע אַרבײַטער, װי אַ קאַפּיטאַליסט בעגעהט זיך מיט די זײַניגע.

דער פּראָלעטאַרישער עלעמענט, שטרעבענדיג, פֿערקעהרט, צו דעם, אַז דער פֿעראײן זאָל פֿערלײַכטערען זײַן קלאַסען־קאַמפּף, װילט נישט נור צו בעזײַטיגען, װי װײַט מעגליך די עקספּלואַטאַציע פֿון די אַלע, װאָס דינען אין פֿעראײן, נור, װי געזאָגט, צו מאַכען פֿון די פֿעראײנס־אונטערנעהמונגען אַ מוסטער, צו װעלכען עס זאָלען שטרעבען די אַרבײַטער פֿון די פּריװאַטע אונטערנעהמונגען. צוליעב דעם געהען די קאָנסום־פֿעראײנען, װאָס זענען בעגײַסטערט מיט דעם פּראָלעטאַרישען אידעאַל, האַנד בײַ האַנד מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראײנען: די שכירות, דער אַרבײַטס־טאָג (זעהר אָפֿט אַנ׳אַכט שעה׳דיגער), די היגיענישע און אַנדערע בעדינגונגען פֿון דער אַרבײַט א. ז. װ. װערט אַלץ בעשטימט דורך אַנ׳אָבמאַך מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראײנען; אַחוץ דעם, װי איך האָב עס שױן בעמערקט, זוכען די פּראָלעטאַרישע קאָנסום־פֿעראײנען צו װירקען אױף די אַרבײַטס־בעדינגונגען אין די פּריװאַטע אונטערנעהמונגען, װאו דער פֿעראײן מאַכט זײַנע אײַנקױפֿען; בײַ זײַנע בעשטעלונגען און אײַנקױפֿען גיט ער די פֿאָרהאַנד יענע פֿאַבריקען און געשעפֿטען, װאו די אַרבײַטער װערען בעסער בעהאַנדעלט, װאו ס׳װערען אָנערקענט די פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבײַטער־פֿעראײנען, און ער באָיקאָטירט די פֿירמעס, װאו דער אַרבײַטער װערט בעזונדערס עקספּלואַטירט; װען דער פֿעראײן איז גענוג גרױס, אָדער װען צו שטיצען די אַרבײַטער־פֿאָדערונגען טרעט אַרױס אַ פֿערבאַנד פֿון קאָנסום־פֿעראײנען, דאַן האָט דאָס, פֿערשטעהט זיך, אַ גרױסע װירקונג; און װאָס דער פֿעראײן, אָדער דער פֿערבאַנד איז גרעסער, אַלץ מעהר מוזען זיך בײגען פֿאַר איהם די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, בײַ װעלכע ער מאַכט זײַנע אײַנקױפֿען.

———

ווי קענען די קאָנסום־פֿעראײנען אַם בעסטען אױסגענוצט ווע־רען אין די אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמפּף, און וואָס פֿאַר אַ בעציהונגען דאַרפֿען ווערען אײנגעשטעלט צווישען די־זע פֿעראײנען און די אַנדערע פּראָלעטאַרישע קלאַסען־אָרגאַניזאַצי־יעס, — מיט דעם האָבען זיך בעשעפֿטיגט אײניגע סאָציאַליסטישע צוזאַמענפֿאָהרען, וואָס זענען די לעצטע צייט פֿאָרגעקומען אין פֿער־שידענע אייראָפּעאישע לענדער, און אויך דער אונטערנאַציאָנאַ־לער צוזאַמענפֿאָהר אין קאָפּענהאַגען.

אויף דיזע צוזאַמענפֿאָהרען האָבען זיך נאָך געלאָזט הער־רען אײנצעלנע שטימען, וועלכע האָבען פּרובירט אונטערהאַלטען די אַמאָליגע, פֿערעלטערטע בעגריפֿען מכח דעם אינהאַלט און סאָ־ציאַלען ווערטה פֿון די קאָנסום־פֿעראײנען. אַזוי צ. ב. דער פֿראַ־צוזישער סאָציאַליסט געד האָט געוואָלט פֿערטײדיגען די מײ־נונג, אַז די קאָנסום־פֿעראײנען האָבען נור אויף אַזוי פֿיעל אַ ווערטה, אויף וויפֿיעל זיי שטיצען מיט געלד־מיטלען די פּאָליטי־שע אַרבײטער־פּאַרטײ. דער רוסישער ס. ד. לענין האָט פֿאָר־געלעגט דעם קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס אָנצוערקענען, דאָס די קאָנ־סום־פֿעראײנען וועלען האָבען אַ סאָציאַליזירענדע און דעמאָקראַטי־זירענדע ווירקונג ערשט — אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס און דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם אין זײן אויסערסט־גרעסטער מעהרהײט שטעהען אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדער שטאַנדפּונקט: דער געגענווערטיגער סאָציאַליזם האַלט די קאָנסום־פֿעראײן־בעוועגונג פֿאַר אַ וויכטיגעס געוועהר אין פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמפּף פֿאַר די אײנפֿיהרונג פֿון אַ נײער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, און פֿאָדערט דעריבער פֿון אַלע פּאַר־טײ־מיטגליעדער און אַלע פּראָפֿעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבײטער אָנ־טײל צו נעהמען אין דער קאָנסום־פֿעראײן־בעוועגונג און צו וויר־קען אויף זיי אין פּראָלעטאַרישען גײסט.

אויב בנוגע צו דער סאָציאַלער בעדײטונג פֿון די קאָנסום־פֿעראײנען און בנוגע צו דעם, ווי די בעוואוסטזיניגע אַרבײטער דאַרפֿען זיך צו זיי פֿערהאַלטען, איז אַלזאָ די גרעסטע מעהרהײט פֿונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל אײנשטימיג, האָבען זיך אָבער אַרויסגע־שטעלט גרויסע מײנונגס־פֿערשידענהײטען בנוגע צו דער טאַק־טיק, בנוגע צו די מיטלען, מיט וועלכע מען קאָן אַם בעסטען ווירקען אויף די ענטוויקלונג און דעם כאַראַקטער פֿון די קאָנסום־פֿעראײנען.

די בעלגישע דעלעגאַטען האָבען פאָרגעלעגט, אַז די קאָנ־
סום־פעראיינען זאָלען זיין אָרגאַניזאַציאָניש פעראייניגט מיט
דער פּאַרטיי, און אַלס ראיה האָבען זיי געוויזען אויף די פּראַקטיק
פון בעלגיען, וואו די קאָנסום־פעראיינען און די פּאַרטיי האָבען
זיך מעכטיג ענטוויקעלט טאַקי דורכדעם, וואָס זיי בילדען צוזאַ־
מען איין אָרגאַניזאַציע, איין אָרגאַניזירטעס גאַנצעס. די דייט־
שען, פערקעהרט, האָבען אָנגעוויזען אויף זייער פּראַקטיק, אויף
די פּראַקטיק פון דייטשלאַנד, וואו די פערשידענע מינים אַרבייטער־
אָרגאַניזאַציעס (פּאַרטיי, פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען און קאָנסום־
פעראיינען) געהען זיך יעדער זיין בעזונדער וועג, „מאַרשירען בע־
זונדער“, זענען אָרגאַניזאַציאָניש ניט פערבונדען, נור שטרע־
בען פונדעסטוועגען צוזאַמען צו דעם זעלבינען ציעל — צו דער
סאָציאַליסטישער אָרדנונג; אויך געהענדיג יעדער זיין וועג, זענען
זיי פעראינטערעסירט צו שטיצען איינער דעם אַנדערען; אַזוי צ. ב.
כדי צו בעקעמפּפען דעם פליישׁ־יקרות, וועלכער איז אין דייטש־
לאַנד אַרויסגערופען הויפּטזעכליך דורך די אַגראַר־און צאָל־פּאָלי־
טיק פון דער רעגירונג, זענען די קאָנסום־פעראיינען, הגם זיי זע־
נען אפילו נישט קיין פּאַרטייאישע, אָהן שום ספּעציעלע תקנות
און אָרגאַניזאַציאָנס־רעגלאַמענטען, נור פּשוט צוליעב זייערע איי־
גענע אינטערעסען, פעראינטערעסירט צו שטיצען די סאָציאַל־דע־
מאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע קעמפּפט שטענדיג געגען דער פּריציש
אַגראַר־פּאָליטיק, געגען די אָבצאָהלונגען און שטייערען אויף אַר־
טיקלען פון אַלגעמיינעם געברויך. די דייטשע דעלעגאַטען האָבען
אַלזאָ פאָרגעלעגט צו ווירקען אויף די קאָנסום־פעראיינען אין פּראָ־
לעטאַרישען גייסט נישט פון אויסווענינ, נישט ערקלעהרענדיג זיי
פאַר פּאַרטייאישע איינריכטונגען, נור פון אינווענינ, דורכדעם וואָס
די פּאַרטיי־מיטגליעדער וועלען אַריינטרעטען אין דיזע פעראיינען
און וועלען פּאַקטיש פיהרען זיי אַזוי, דאָס זיי זאָלען שטיצען
דעם בעפרייאונגס־קאַמפּף פון אַרבייטער־קלאַס.

דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס האָט אין דיזער טאַקטישער פראַ־
גע אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע, וועלכע לאָזט איבער יעדער פּאַר־
טיי די מעגליכקייט צוצופּאַסען זיך די בעדינגונגען פון דעם לאַנד,
אין וועלכען זי אַרבייט. די רעזאָלוציע פאָדערט פון איין זייט,
דאָס די בעציהונגען צווישען דער פּאָליטישער, פּראָפעסיאָנעלער
און קאָנסום־אָרגאַניזאַציע דאַרפען וועררען אַלץ פעסטערע, און פון
דער צווייטער זייט, דאָס די זעלבסטשטענדיגקייט פון יעדער איינציגער

פֿון דיזע דריי אָרגאַניזאַציעס דאַרף נישט אָנגערירט ווערען. די פֿראַגע ווענען שטיצען די פּאַרטיי אָדער די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען מיט די מיטלען פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען — האָט דער קאָנגרעס איבערגעלאָזען אויף דער בעשטימונג פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען פֿון יעדען לאַנד. אָנערקענענדיג אויף אַזאַ ג׳אַרט די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די קאָנסום-פֿעראיינען, האָט זיך אָבער דער קאָנגרעס אויס׳ן דייטליכסטען אופֿן אַרויסגעזאָגט געגען די „ריינע“ קאָאָפּעראַטיסטען, וועלכע מיינען, אַז די בעפֿרייאונג פֿון אַרבייטער-קלאַס קען קומען דורך די קאָנסום-פֿעראיינען אַ ל י י ן, און וועלכע פֿערלאַנגען דעריבער, די קאָנסום-פֿעראיינען זאָלען פֿערבלייבען גלייכגילטיג צו דער פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער בעוועגונג פֿונ׳ם אַרבייטער-קלאַס.

די קאָפּענהאַגענער רעזאָלוציע צייכענט אויך אָן איינינע פּונקטען, ווי אַזוי די פּאַרטיי-מיטגלידער דאַרפֿען זעהען צו ווירקען אויף די קאָנסום-פֿעראיינען, כדי זיי זאָלען, צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער פּאַרטיי און די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען, באמת דינען דעם אַלגעמיינעם בעפֿרייאונגס-קאַמפּף פֿונ׳ם אַרבייטער-קלאַס. דיזע פּונקטען האָבען מיר שוין אויבען נעהנטער אַרומגערעדט; די קאָפּענהאַגענער רעזאָלוציע בעשטעטיגט זיי נור.

## VIII. די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אין רוסלענדער מלוכה.

לאָזענדיג אָן אַ זייט די ספּעציעל-רוסישע אַ ר ט ע ל ע ן, וועלכע ווערען אַלץ זעלטענער און געהערען אייגענטליך צו דער פֿאָר-קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, שטעלט די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אין רוסלענדער מלוכה קיין נייע, אין אויסלאַנד אומבעקאַנטע פֿאָרמען נישט פֿאָר. אין גרויסען און גאַנצען, געפֿינען מיר דאָ די זעלבע מינים פֿעראיינען, ווי אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. די ק ר ע ד י ט-פֿעראיינען זענען אויך דאָ פֿון צוויי מינים, פֿון וועלכע איינע זענען אַ קאָפּיע פֿון שולצע-דעליטשיעס („לייה-און שפּאָר-קאַסעס“) און די אַנדערע דערנעהנטערען זיך צו רייפֿאַייזען׳ס (די זוי-גענאַנטע „קרעדיט-חברות“). פּ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס-פֿעראיינען, פֿעראיינען צום אַ י י נ ק ו י ף פֿון פּראָדוקציאָנס-מיטעל און צו פֿ ע ר ק ו י פֿ ע ן די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען געפֿינען זיך אויך אין רוסלאַנד כמעט אויסשליסליך אין דאָרף. אויך אין רוסלענדער מלוכה געפֿינען זיך די דאָרפֿישע פֿעראיינען, וועלכע זענען אויך דאָ ווייניג דיפֿפֿערענצירט, אינטער דעם שטאַרקען

איינפלוס פון די גלחים, הויפטזעכליך דארטען, וואו די גלחים זיי־נען קאטוילישע, ווי צ. ב. אין פוילען. אויך אין רוסלענדער מליכה האבען זיך פון אלע מינים פעראיינען בעזונדערס ענטוויקעלט: פון איין זייט, די פערשידענע קרעדיט־פעראיינען, און פון דער צוויי־טער — די קאנסום־פעראיינען. אין אויך אין רוסלאנד זענען די קאנסום־פעראיינען געווארען איינער פון די קאמפפס־און ארגאני־זאציאנס־מיטעל פון ארבייטער־קלאס. געווים איז די קאמפפס־און ארגאניזאציאנס־פעהיגקייט פון די רוסלענדער קאנסום־פעראיינען מי־ניאטוריש־קליין אין פערגלייך מיט די מערב־איראפעאישע; מען דארף זיי אבער מעסטען נישט מיט דעם מערב־איראפעאישען, נור מיט דעם רוסלענדער ארשין; מען דארף פערגלייכען די קאנ־סום־פעראיינען צו אנדערע ארגאניזאציאנס־פארמען פון ארבייטער־קלאס אין רוסלאנד גופא, און דאן זעהען מיר, אז זייער וואוקס איז גאר נישט אזוי לאנגזאם און אז זייער היינטיגער אומפאנג איז גאר נישט אזוי קליין.

צוויי גרויסע שטערונגען געפינט די קאאפעראטיווע בעוועגונג אויף איהר וועג אין רוסלאנד: די פינסטערקייט פון דער בעפעל־קערונג און די ווילקיר פון דער רעגירונג, פון די אויבערסטע ווי די אונטערסטע ביוראקראטען. — אין אסך ערטער, הויפטזעכליך אין די דערפער, האט די בעפעלקערונג אגאנץ פאנטאסטישען בעגריף וועגען די אויפגאבען און דעם צוועק פון די קאאפעראטי־ווען. אין געוויסע הערפער מיינט דער עולם, אז דער קאאפערא־טיוו דארף דאס שאפען דעם פויער די ערד, יעלכע ער געהרט אזוי שטארק. אין אנדערע ערטער ווייטער בענוצט מען זיך מיט די הלואות פון די קרעדיט־פעראיינען אויף צו מאכען אגעהערי־גען שנאפס. אין אמאסע ערטער מיסברויכען די פערוואלטער פון די קאאפעראטיווען זייער מאכט; זיי נעהמען אפטמאל פשיט האבאר, אהן וועלכען ס'איז אפט אינמעגליך צו קריגען א הלואה א. ז. וו. א. ז. וו.

די רעגירונג האט אין אנפאנג געהאט געשטיצט די פער־שידענע מינים קאאפעראטיווען, זעהענדיג אין זיי פעראיינען פון „ארדנונג“, וואס קענען אבציהען דעם עולם פון דער „בהמוטע“, פון די פאליטישע און פראפעסיאנעלע פעראייניגונגען. דאס האט אבער אזוי לאנג נור געדויערט, ביז די מאסע האט אנגעהויבען א ברייטען אנטייל צו נעהמען אין דער קאאפעראטיווער בעווע־גונג; וואו די „מאסע“ איז אבער פאראן, איז דאך שוין ממילא

אַ נײַסט פֿון „סמוטע“, — האָט מען באַלד געביטען די פּאָליטיק בנוגע צו יענע פֿעראײַנען, וואָס ציהען צו און אָרגאַניזירען די ברײטעסטע מאַסע, הויפּטזעכליך צו די קאָנסום־פֿעראײַנען און אין אַ געוויסער מאָס אויך צו די לאַנדווירטשאַפֿטליכע פֿעראײַנען. לויט דעם ביוראָקראַטישען מנהג, האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען צירקולאַרען, ערקלעהרונגען און אָנווײַזונגען, וועלכע האָבען געבראַכט נאָך זיך רעוויזיעס, אַרעסטען, אַרויסשיקונגען, דאָס פֿערמאַכען פֿון פֿעראײַנען, סיסטעמאַטישע נישט־לעגאַליזירונג פֿון נײַע פֿעראײַנען, בעגרענצונגען אין דער אַרבײַט פֿון די עקזיסטירענדע, נישט־ערלויבנישען פֿון מיטגלידער־פֿערזאַמלונגען א. ז. וו. — לויט דעם בעקאַנטען אויספּראַקטיקירטען רעצעפּט פֿון אונטערדריקען יעדע געזעלשאַפֿטליכע זעלבסט־טעטיגקײַט.

און בײַ אַלעם דעם האַלט די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אין רוסלאַנד אין אַן'אויסערסט־ראַשער ענטוויקלונג.

ס'איז אונמעגליך צו געבען אַ גענױע סטאַטיסטיק פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג אין רוסלאַנד. נור פֿונדעסטוועגען די נישט־פֿאָלקאָמע ציפֿער, וואָס זענען פֿאַרהאַן, גיבען אונז אַ בענוגענדען בעגריף איבער די ראַשקײַט פֿון דער ענטוויקלונג.

ביז'ן סוף נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט זענען די קאָאָפּעראַטיווען אין רוסלאַנד נאָך אַן'אויסערסט זעלטענע ערשײַנונג; זיי פֿערמעהרען זיך אָבער אין אָנפֿאַנג פֿון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט; זײַט 1905, צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿטליכער בעוועגונג, צוזאַמען מיט דעם ווי מען האָט נור אָנגעהויבען עפּעס פֿרײַער צו אָטעמען, נעהמען זיי אָן אַ מאַסען־כאַראַקטער; זײַט 1907, צוזאַמען מיט דער יקרות און צוזאַמען מיט דעם, ווי בײַ אַ גרויסען טייל פֿון דער מאַסע, הויפּטזעכליך בײַ די פּויערים, זענען צערשטרייט געוואָרען די דרייסטע האָפֿנונגען אויף אַ נאָהנטע און גליקליכע צוקונפֿט, האָבען די קאָאָפּעראַטיווען זיך גענומען בעזונדערס פֿערמעהרען. לויט די ציפֿער, וואָס הייסין ברענגט אין „וועסטניק קאָאָפּעראַציי“ (1909, צווייטער באַנד), קומט אויס, דאָס אין דער גאַנצער רוסלענדער מלוכה זענען געווען קאָנסום־פֿעראײַנען: אין 1897 — 307; אין 1904 — 951, און אין 1908 (לויט די נישט־פֿולע הייסינס ידיעות אין דריטען באַנד „וועסטניק קאָאָפּ.“ 1909) — 2849; לויט טאָטאָמיאַנץ, איז צום סוף יאָהר 1909 שוין געוועזען אין רוסלענדער מלוכה אַנ'ערך 3500 קאָנסום־פֿעראײַנען מיט העכער אַ האַלבען מיל־

יאָן (550.000) מיטגליעדער. אין 1898 האָט זיך געעפֿענט דער „מאָסקווער פֿערבאַנד פֿון קאָנסום־פֿעראיינען", וועלכער האָט אין אָנהויב פֿעראייניגט 37 קאָנסום־פֿעראיינען; ער איז ביסלעכווייז געוואַקסען, אין אַכט יאָהר שפּעטער, אין 1906, האָט ער שוין געהאַט פֿעראייניגט 149 קאָנסום־פֿעראיינען; דאַן הויבט ער זיך אָן ראַשער צו ענטוויקלען: אין 1907 קומען צו איהם צו 36 נייע פֿעראיינען, אין 1908—73, און אין 1909—81 נייע פֿעראיינען. — צו דער זעלבער צייט וואַקסען אויך אַנדערע מינים קאָאָפּעראַטיווען. צום ערשטען יאַנואַר 1910 זענען שוין אין רוסלענדער מלוכה געוועזען ערלויבט העכער זעקס טויזענד (6.078) קרעדיט־פֿעראיינען פֿון פֿערשיעדענע מינים. צו דער זעלבער דאַטע זענען (לויט טאָטאָמיאַנץ) געוועזען העכער טויזענד לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען, פֿון וועלכע 800 אומגעפֿעהר זענען פּוטער־פּראָדוקציאָנס־פֿעראיינען אין סיביר (דער לעזער דערמאָהנט זיך אָן די פֿעראיינען פֿון דעם זעלבינגען מין אין דענעמאַרק) מיט העכער 120 טויזענד מיטגליעדער.

די זעלבע ערשיינונג, וואָס אין דער גאַנצער מלוכה, זעהען מיר אויך אין פּוילען. אין 1897 זענען אין קעניגרייך פּוילען געוועזען אין גאַנצען נור 14 קאָנסום־פֿעראיינען; אין 1904 זענען שוין פֿאַראַן 45; צום ערשטען קאָאָפּעראַטיסטישען צוזאַמענפֿאָהר אין אָקטאָבער 1908 האָבען געשיקט דעלעגאַטען 240 קאָנסום־פֿעראיינען, אין לויט דעם בעריכט, וואָס דאָרטען איז פֿאָרגעלעזען געוואָרען, האָט די צאָהל קאָנסום־פֿעראיינען אין רוסיש־פּוילען געצאָהלט זיין 680. מעגליך, אַז דיזע לעצטע צאָהל איז שטאַרק איבערטריבען. צום צווייטען צוזאַמענפֿאָהר פֿון די פּוילישע קאָנסום־פֿעראיינען (אין יוני 1910) זענען געוועזען בעריכטען נור פֿון 177 קאָנסום־פֿעראיינען מיט העכער 27 טויזענד מיטגליעדער און פֿינפֿטהאַלבען מיליאָן רובל יעהרליכען אומלויף; אויסער דיזע פֿעראיינען, זענען אין פּוילען פֿאַראַן נאָך אומגעפֿעהר 500 קאָנסום־פֿעראיינען. עס זענען שוין געמאַכט געוואָרען אַלע פֿאָרבערייטונגען, און אין קורצען וועט אויך לעגאַליזירט ווערען אַ פֿערבאַנד פֿון די פּוילישע קאָנסום־פֿעראיינען. עס ווערען אויך געמאַכט טריט צו גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק(*).

---

(*) זינט דיזע שורות זענען געשריבען געוואָרען ביז זיי זענען געוואָרען געדרוקט, האָבען זיך שוין געגרינדעט סיי די באַנק, סיי דער פֿערבאַנד.

קרעדיט־פֿעראײנען זענען אין פּוילען געװעזען ערלױבט צום ערשטען יאַנואַר 1910 — 375 (כמעט דורכאױס לײַה־און שפּאָר־קאַסעס).

אויב מיר גיבען אַקוק אויף דעם, װי די קאָנסום־פֿעראײנען זענען אײַנגעטײלט צװישען די פֿערשידענע גובערניעס פֿון רוסלענדער מלוכה, דאַן זעהען מיר, אַז מעהר װי אומעטום זענען פֿאַרהאַן (אין 1908) קאָנסום־פֿעראײנען אין קיעװער גובערניע (454 פֿעראײנען); נאָכדעם געהען: פּאָלטאַװער (206), כאַדאָלער (198), פּערמער (165), פּעטראָקאָװער (125) און װאָלאָגדער (100). אַבעדײַטענדע צאָהל קאָנסום־פֿעראײנען געפֿינען מיר װײַטער: אין לאָמזשער גובערניע (92), חערסאָנער (72), טשערניגאָװער (63), יעקאַטערינאָסלאַװער (61), האַרשאַװער (59) און װאָהלינער (59). — איך מאַך דאָ פֿאַרבײַגעהענדיג אויפֿמערקזאַם, דאָס, אחוץ פּערמער און װאָלאָגדער גובערניעס, זענען דאָס אַלץ גובערניעס פֿון דער טשערטאַ. — פֿון אַלע איבעריגע רוסלענדער גובערניעס האָט יעדערע װײניגער װי 59 קאָנסום־פֿעראײנען. (די ציפֿער זענען גענומען פֿון דריטען באַנד „װעסטניק קאָאָפּעראַציִי“ 1909).

אויך צװישען די יודען אין רוסלענדער מלוכה איז אונטער דער צײַט אויסגעװאַקסען אַגרויסע קאָאָפּעראַטיװע בעװעגונג. נור אַזוי װי בײַ יודען זענען קײַן פּויערים כמעט נישטאָ, דאַרף מען שוין ממילא נישט זוכען בײַ יודען די מינים קאָאָפּעראַטיװען, װאָס מיר געפֿינען געװעהנליך אין דאָרף; פֿון די שטעדטישע קלײנבירגערשע קאָאָפּעראַטיװען ענטװיקלען זיך בכלל נור די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיװען פֿון שולצע־דעליטש'עס טיפּ; מיר דאַרפֿען אַלזאָ

---

אין דעם אָרגאַניזאַציאָנס־צוזאַמענפֿאָהר פֿינ'ם „פֿערבאַנד פֿון די קאָנסום־פֿעראײנען“, װאָס איז פֿאָרגעקומען אין װאַרשא אין יוני 1911, האָבען אָנטײל גענומען דורך זײערע דעלעגאַטען 178 קאָנסום־פֿעראײנען מיט געניױע 22 טױזענד מיטגלידער (דער אַקציאָנס־קאַפּיטאַל פֿון דיזע פֿעראײנען טראָגט אויס געניױע 400 טויזענד רובל און זײער יעהרליכער אומלויף אונגעפֿעהר 4 מיליאָן 150 טויזענד רובל). דער נײַ־געגרינדעטער פֿערבאַנד שטעלט אַלזאָ פֿאָר פֿון זײַן ערשטען טאָג אָן אַ גרױסע עקאָנאָמישע מאַכט. די ערשטע אויפֿגאַבע פֿונ'ם פֿערבאַנד איז איצט צו גרינדען אַ אַנגראָ־געװעלב פֿאַר די קאָנסום־פֿעראײנען. דער אומלויף פֿונ'ם אַנגראָ־געװעלב אין ערשטען יאָהר װעט, װי מ'רעכענט, אויסטראָגען אַ מיליאָן רובל.

ערוואַרטען, דאָס פֿון אַלע קאָאָפּעראַטיווען, וואָס שיצען די פּראָדוקציע, וועלען ביי יידען זיך בעזונדער ענטוויקלען טאַקי דיזע קרעדיט-פֿעראיינען, ד. ה. לייה-און שפּאָר-קאַסען, און נור זיי. אַזוי האָט פּאַסירט אין דער ווירקליכקייט, וואָרום אימעטום איז אַיין וועלט.

די יידישע קרעדיט-פֿעראיינען, אָדער לייה-און שפּאָר-קאַסען, אָדער „פֿאָלקס-בענק", האָבען זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין סוף 19-טען און אָנהויב 20-טען יאָהרהונדערט; די מלוכה האָט אָבער נישט דערלאָזען זיי פֿריי צו גרינדען, און זיי האָבען זיך אין אָנפֿאַנג ענטוויקעלט זעהר לאַנגזאַם. אין 1902 איז אין גאַנצען תחום געווען נור 50 יודישע קרעדיט-פֿעראיינען*). צוזאַמען מיט'ן 1905 יאָהר ווערט אָבער די לויפֿט פֿרייער אויך פֿאַר די יודישע פֿעראיינען און אין יאָהר 1906 עפֿענען זיך איבער הונדערט יודישע קרעדיט-פֿעראיינען. צום ערשטען אָקטאָבער 1907 זענען פֿאַראַן שוין אַנ'ערך 250 אַזעלכע פֿעראיינען. סוף 1908 איז שוין אין רוסלאַנד געווען **) 459 יודישע קרעדיט-פֿעראיינען, פֿון וועלכע 7 אין באַלטישען קאַנט און די איבעריגע אין דער טשערטאַ. דער ראַשער וואוקס פֿון די יודישע פֿעראיינען האָט גע-בראַכט, אַז די מלוכה האָט ווידער, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַל-געמיינער רעאַקציע, געענדערט איהר פּאָליטיק אויך בנוגע צו די יודישע קרעדיט-פֿעראיינען. נישט נור די מלוכה-באַנק האָט כמעט אויפֿגעהערט צו שטיצען מיט איהרע הלוואות „יודישע קאַסעס", ווי זי טהוט עס בנוגע צו די נישט-יודישע, נור מ'האָט גענומען שטעלען סיסטעמאַטישע שטערונגען צו עפֿענען נייע פֿעראיינען. נאָך אַלעמען איז פֿאָרט געלינגען אין 1909 צו עפֿענען 89 נייע פֿעראיינען***). די צאָהל קרעדיט-פֿעראיינען אין תחום און באַלטישען קאַנט איז אָנפֿאַנג 1910 אַלזאָ אונגעפֿעהר 550 (548). די צאָהל מיטגליעדער זייערע האַלט כסדר אין וואַקסען; אין 252 פֿעראיינען, דאָס הייסט וועניגער ווי אין אַ העלפֿט, וועלכע האָבען צוגעשטעלט אַפֿילו יעהרליכען בעריכט אין פּעטערבורגער צ. ק. פֿון יק"א, זענען אין 1909 געוועזען העכער 130 טויזענד (130,769) מיט-

---

*) С. Марголинъ: Еврейскія кредитныя коопераціи, С. П. Б. 1908.

**) Jewish Colonisation Association: Rapport de l'Administration Centrale, Paris 1909, p. 223.

***) Ссудо-Сберегательныя товарищества въ чертѣ еврейской осѣдлости, С. П. Б. 1910.

גליעדער, פון וועלכע העכער 120 טויזענד (120.389) זענען יו-
דען. מען קען אלזא רעכענען, דאס אלע יודישע קרעדיט-
פעראיינען האבען אונגעפעהר אפערטעל מיליאן
מיטגליעדער. ווען מיר זאלען נאך צוגעבען זייערע פאמיליעס,
דארפען מיר רעכענען, דאס פון איין ביז אנדערטהאלבען מי-
ליאן מענשען זענען פעראייניגט דורך דיזע לייה-און שפאר-קא-
סעס. אייגענעם קאפיטאל האבען 253 פעראיינען (צום אנפאנג
1910) אומגעפעהר 1 מיליאן 800 טויזענד רובעל (1.796.037);
איינגעלעגטעס ביי זיי געלד איז צו דער זעלבער צייט געווען הע-
כער 5 מיליאן (5.062.543) רובל, דערינטער געליהענע ביי יק"א
העכער 800 טויזענד (815.650); איינגאנצען האבען צום ער-
שטען יאנואר 1910 די 253 פעראיינען קאנצענטרירט אין זייערע הענד
אנערך פון 7 מיט איין דריטעל מיליאן רובל (7.322.837). אלע
יודישע „פאלקס-בענק" האבען אלזא ביז איצט צוזאמענגעצויגען א
קאפיטאל פון אונגעפעהר 15 מיליאן רובעל.

אין פערלויף פון יאהר 1909 איז אין 194 פון דיזע פער-
איינען (מיט גענויע 94 טויזענד מיטגליעדער) אריינגעלעגט
געווארען העכער 7 1/4 מיליאן רובל (7.264.218); עס זענען אין
דער זעלבער צייט דורך 249 פעראיינען ארויסגעגעבען געווארען
העכער 200 טויזענד (219.643) הלואות, בסך הכל אויף א סומע
פון העכער 16 מיליאן (16.314.161) רובל. קיין איינציגער פון
די 253 פעראיינען האט נישט פערענדיגט דעם בילאנץ פאר דאס
יאהר 1909 מיט היזק. די הלואות, וואס זענען צו דער צייט נישט
בעצאהלט געווארען די פעראיינען, האבען צום ערשטען יאנואר
1910 איבערגעטראגען נישט מעהר ווי 2 א האלב פראצ. פון דעם
סך הכל פון די הלואות.

עס מוז אנגעמערקט ווערען, אז יק"א האט פון אנפאנג אן
נישט אויפגעהערט צו שטיצען דיזע קאאפעראטיווע בעוועגונג. זי
האט געשאפען און שאפט די פעראיינען די ערשטע סומען, וואס
זענען געווען נויטווענדיג זיי אוועקצושטעלען אויף די פיס; זי
פערלייהט זיי געוועהנליך אויף א משך פון פינף יאהר און אויף
אויסצוצאהלען ראטעס-ווייז עטליכע טויזענד רובל, וועלכע שא-
פען צוטרוי צום פעראיין ביי דער ארטיגער בעפעלקערונג און
וועלכע גיבען אויף אזא נ'ארט דעם פעראיין די מעגליכקייט זעלב-
שטענדיג צו עקזיסטירען. לויט דעם אלגעמיינעם פאריזער בע-
ריכט פון דער יק"א, צאהלען די פעראיינען בכלל זעהר רעגעל-

מעסיג אויס זייערע חובות דער יק״א; דאָס ווייזט אויף, אַז די „געשעפטען״ געהען אין די פעראיינען גאָר נישט שלעכט. נור אויסער די פינאַנציעלע מיטלען, שטיצט יק״א די פעראיינען אויך אויף אַנדערע אופנים: זי העלפט זעהר אָפט קריגען די ערלויבנישען אויך צו גרינדען די פעראיינען, זי העלפט זיי מיט איהרע אינסטרוקטאָרען ביי דער גרינדונג און דער פיהרונג פון די פעראיינען א. ז. וו. — אויף דעם יסוד פון די אויבענגעבראַכטע ציפער קען מען זאָגען, אַז שטיצענדיג די קרעדיט-פעראיינען, האָט יק״א מיט אַ פערהעלטנישמעסיג זעהר קליינעם קאַפּיטאַל געהאַט אַ סך אַ גרעסערען ערפאָלג, ווי אין איהרע קאָלאָניזאַטאָרישע אונטערנעהמונגען, וועלכע האָבען איינגעשלונגען אַזוי פיעל צעהנדליגע מיליאָנען. דאָ איז דער באָדען געווען באמת אַ צוגעגרייטער, און יעדער היבל, וואָס זי האָט אַהער געוואָרפען, האָט דערגרייכט זיין צוועק. ווי ווייט די בעדינגונגען זענען געווען גינסטיג פאַר דער קרעדיט-פעראיין-בעוועגונג, איז צו זעהען שוין פון דעם אַליין, אַז פון די 550 יודישע קרעדיט-פעראיינען האָט יק״א ביז אָנפאַנג 1910 געהאַט פערליהען אַ שטיצע נור 290 פעראיינען (226 ביז אָנפאַנג 1909 און 84 אין פערלויף פון יאָהר 1909); 260 פעראיינען, ד. ה. כמעט אַ העלפט פון אַלע יודישע קרעדיט-פעראיינען, זענען אַלזאָ געגרינדעט געוואָרען און עקזיסטירען מיט זייערע אייגענע כחות, הגם, אָפט קוקענדיג אויפ׳ן ביישפּיעל פון די פעראיינען, וואָס זענען געוואָרען געשטיצט דורך די יק״א.

וואָס איז נוגע די *קאָנסום-פעראיינען*, זענען זיי אויף דער יודישער גאַס ביז איצט *נישטאָ*. פאַרוואָס? וואָס איז די סבה פון דעם? — נור דאָ שטויסען מיר זיך אָן נאָך אויף אַנדערע וויכטיגע פראַגען: ווי ווירקט די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אויף די יודישע מאַסע? וואָס פאַר אַ צוקונפט האָט די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג ביי יודען? וואָס פאַר אויפגאַבען שטעלט זי די פערשיעדענע יודישע געזעלשאַפטליכע שיכטען?

## XI. די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג און דאָס יודישע קליינבירגערטום.

ס׳איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אין רוסלענדער מלוכה איז אָביעקטיוו און סוביעקטיוו געווענדעט אין דער גרעסטער מאָס געגען דעם יודישען קליינבירגער און ספּעציעל געגען דעם יודישען קרעמער. מיר האָבען שוין

פֿריהער געזעהן, אַז אַם מייסטען האָבען זיך די קאָנסום-פֿעראיינען פֿערמעהרט און געוואַקסען אין די גובערניעס פֿון דער „טשערטאַ", וואו די גרויסע מעהרהייט קרעמער זענען יודען. דאָס איז אַ פֿאַקט. פֿאַקטיש אַלזאָ, אָביעקטיוו, אַפֿילו אָהן שום אַנטיסעמיטישע שטימונגען ביי די קאָאָפּעראַטיסטען, זענען דיזע פֿעראיינען געווענדעט הויפּטזעכליך געגען דעם יודישען קליינבירגער. נור דיזער פֿאַקט גופֿא בעשאַפֿט אויך אַ געוויסע סוביעקטיווע שטימונג. וואָרום דאָרטען וואו אין איין לאַגער, אין די פֿעראיינען, אָרגאַניזירט זיך כמעט אויסשליסליך די נישט-יודישע מאַסע געגען דעם אַנדער לאַגער, דעם קרעמערשען, וואָס בעשטעהט הויפּטזעכליך פֿון יודען, דאָרט ווערט ממילא בעשאַפֿען אַן אַנטיסעמיטישע שטימונג. אַחוץ דעם, געוויסע פּאָליטישע און רעליגיעזע מאָטיווען קומען נאָך צו צו פֿערשטאַרקען דעם אַנטיסעמיטיזם פֿון געוויסע פֿעראיינען. וואָרום דער גרעסטער טייל קאָנסום-פֿעראיינען אין רוסלאַנד זענען פֿעראיינען פֿון פּויערים, וועלכע געפֿינען זיך בכלל אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פֿון די גלחים; דער רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם פֿון די גלחים דריקט זיך קודם כל אויס אין אַ שנאה צו יודען; זייערע רעאַקציאָנערע פּאָליטישע איבערצייגונגען מאַכען זיי אויך פֿאַר ביטערע יודען-פֿיינד. אַלס מוסטער איז גענוג זיך צו דערמאָהנען אָן די קאָנסום-פֿעראיינען, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער ווירקונג פֿון „סאָיוז רוסקאַוואָ נאַראָדאַ", די פּאָטשאַיעווער מאָנאַכען און אַנדערע עכט-רוסישע גלחים. אַ סך שטאַרקער נאָך איז די ווירקונג פֿון די אַנטיסעמיטען אויף די פּוילישע קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען, וועלכע ליגען כמעט אויסשליסליך אין די הענד פֿון די גלחים און די פּוילישע נאַראָדאָווצעס. אי אָביעקטיוו אי סוביעקטיוו, אי סטיכייאיש אי בעוואוסטזיניג, איז דאָרטען די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג געווענדעט געגען דער יודישער קליינבירגערליכער מאַסע, און געהט כמעט אין גאַנצען דורך אונטער דעם לאָזונג: נישט קויפֿען ביי יודען! באָיקאָטירען דעם יודען!

און נאַאיוו, גאַנץ נאַאיוו קלינגען דערביי די טרייסט, וואָס לאָזען זיך אַמאָל, הגם זעהר זעלטען הערען, בעת עס פֿערמאַכט זיך ערגעץ אַ פֿעראיין אָדער אַפֿילו עטליכע פֿעראיינען. אַזוי צ. ב. איינער אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון „פֿריינד", בעמערקענדיג, דאָס געוויסע פֿעראיינען האָבען זיך פֿערמאַכט, קומט שוין צום בעשלוס, אַז די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג קען אין פּוילען נישט אויסהאַלטען

די קאָנקורענץ פֿון די יודישע קרעמערס, וועלכע לעבען כמעט מיט גאָרנישט, וואָס אַפֿילו קיין דירה קאָסט זיי נישט, ווייל זיי שלאָפֿען אין זייערע קרעמלעך גופֿא א. אַז. וו. א. אַז. וו.

נור ערשטענס, לשמחה מה זו עושה? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טריסט, אויב דער יודישער קרעמער קען בלייבען ביי זיין קרעמעל נור דורך אַזאַ מין „לעבענס־אַרט“, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פֿון עסען ביז זאַט, פֿון אַ דירה, פֿון אַ גאַנצען בגד? און וואָס ווידער איז דאָס פֿאַר אַ גליק פֿאַר'ן עולם, פֿאַר די קאָנסומענטען, אויב זיי קומט אויס צו עסען די פּראָדוקטען, וועלכע האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אין אַ שמוציגען שלאָף־צימער, וואָס רופֿט זיך צו דער זעלבער צייט אויך „קראָם“?

און צווייטענס, דאַרף מען בכלל נישט קענען די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג אין איהר געשיכטע, צו מיינען, אַז אויף אַזאַ נ'אַרט קומט טאַקי אַ סוף צו די קאָנסום־פֿעראיינען. אַזאַ קרעמער, וואָס האָט אַפֿילו קיין דירה ניט, קויפֿט אַליין זיינע סחורות נישט ביי'ם גרויסען הורטאָווניק און פּשיטא נישט אין פֿאַבריק, נור ביי אַן אַנדער קליינעם קרעמער, ביי עפּעס אַ גרעסערען ווי ער אַליין, וועלכער האָט שוין יאָ אַן איינענע דירה, און העריבער מוז די סחורה ביי דעם אָהן־דירה'דיגען קרעמער קאָסטען נאָך טייערער, ווי ביי דעם, וואָס האָט יאָ אַ דירה. אויב ס'איז עמיצער געפֿעהרליך פֿאַר די קאָנסום־פֿעראיינען, איז דאָס גראָד דער קרעמער, וואָס האָט יאָ אַ דירה. דער אָרעמסטער קרעמער איז מעהר נישט ווי אַ פֿליג פֿאַר'ן קאָנסום־פֿעראיין: קיין קאָנקורענט איז ער בשום אופֿן נישט. — דאָס איז פֿון איין זייט. און פֿון דער צווייטער זייט, זאָל מען ווייזען איין לאַנד, וואו אין אָנפֿאַנג פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג האָבען זיך פֿעראיינען נישט פֿערמאַכט מאַסען־ווייז. עס פֿעהלט אין אָנפֿאַנג די נויטיגע געניטקייט, עס פֿעהלען די טוערס, עס ווערען בעגאַנגען פֿעהלערען, און פֿעראיינען פֿערמאַכען זיך; דאָס איז אַן אַלגעמיינע ערשיינונג אין דער ערשטער צייט פֿון דער בעוועגונג; די בעגאַנגענע פֿעהלערען גופֿא לערנען אָבער די קאָאָפּעראַטיסטען דעם ריכטיגען וועג, און די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג ווערט דורכדעם נאָך געניטער, געשיקטער און דרייסטער. איך האָב פֿריהער געוויזען, ווי עס האָבען זיך מיט אַמאָל אַ נאָס געטאָן די קאָאָפּעראַטיווע פֿעראיינען אין די דריי יאָהר 1906—1908; צווישען די נייע פֿעראיינען זענען אַסך געווען זעהר שלעכט אָרגאַ־

ניזירט, נישט־גוט געפיהרט א. ז. וו. דער הויפט־פעהלער פון די פוילישע קאָנסום־פעראיינען איז דאָס, וואָס זיי פיהרען אַ רעאַקציאָנערע, אַנטי־פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק, און דעריבער האָבען זיי נישט דעם צוטרוי פון די פוילישע פּראָלעטאַרישע מאַסען. ס'אונטערליגט אָבער קיין שום ספק נישט, דאָס עס איז נור אַ פראַגע פון טעג און נישט פון יאָהרען, אַז די אָנהענגער פון די פוילישע פּראָלעטאַרישע שטרעמונגען וועלען מאַסען־ווייז זיך אַוואָרף טאָן אין די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, און דאַן וועט דער וואוקס פון די קאָנסום־פעראיינען זיין נאָך ראשער, ווי איצט. נור אַפילו ביי דער איצטיגער לאַגע דאַרף מען זיין בלינד זיך צו טרייסטען מיט די פּאָר פערמאַכטע פעראיינען, בעת אין פוילען איז פאַראַן אַנערך 700 קאָנסום־פעראיינען אָנשטאָט 14 אין 1897 און 45 אין 1904.

ס'איז טאַקי ביטער, וועט זאָגען אַ קליינבירגערליכער לעזער: טאָ וואָס זאָל מען טאָן?

נור דער וואָס מיינט, אַז אויף יעדע קרענק איז פאַראַן אַ באַלדיגע רפואה שלמה, האָט אַ גרויסען טעות. אַ קרענק, אַנטקעגען וועלכער מען האָט אַ פאַרטיגען הייל־מיטעל, איז איגענטליך גאָר קיין קרענק נישט. ביי די איצטיגע סאָציאַל־פּאָליטישע בעדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט די יודישע בעפעלקערונג אין דער טשערטאַ, איז געוויס ביי אונז פאַראַן צופיעל קרעמערס. דאָס איז אַ טרויעריגער פאַקט, וואָס פערשאַפט פיעל פיין דער יודישער מאַסע אַפילו אָהן די אַנטיסעמיטישע קאָנסום־פעראיינען. און אַנטקעגען דעם פאַקט קען מען נעשווינד גאָרנישט מאַכען. נור אַ לאַנג־דויערנדער פּראָצעס קען אין אַ מערקבאַרער מאָס ענדערען די פערטיילונג פון די בעשעפטיגונגען און די פּראָפעסיעס ביי דער יודישער בעפעלקערונג. דיזער פּראָצעס קומט שוין אויך פאָר, נור ווי אין אַלע סטיכיאַישע פּראָצעסען, קען דער קלאָרער בעוואוסטזיין אַ סך פערלייכטערן דעם איבערגאַנג פון איין צושטאַנד צום צווייטען. אָנשטאָט צו טרייסטען זיך מיט פּוסטע האָפנונגען, איז די אויפגאַבע פון דער יודישער בירגערליכער פּרעסע שטענדיג צו דערמאָהנען דער יודישער מאַסע אָן די קראַנקהייט גופא, אָן דעם, אַז מיר האָבען צופיעל קרעמערס: זאָל דער בעוואוסטזיין פון דער קראַנקהייט מיטהעלפען־זי צו בעזייטיגען.

דערווייַלע אָבער? וואָס טהוט מען דערווייַלע? — טאַקי

נור וועגען דערוויילינע מיטלען, וועגען פאליאטיוון, וואס זאלען ווי עס איז אינטערהאלטען די נשמה, ביז די אויסערליכע און די אינערליכע בעדינגונגען וועלען זיך האבען בעמערקבאר געענדערט ביי יודען, קאן בכלל זיין די רעדע. אין דעם ווינטיגסטען פון דיזע פאליאטיוון, צו וועלכען עס האט זיך שוין טיילווייז גענומען און צו וועלכען אין דער צוקונפט וועט זיך מוזען נאך מעהר נעהמען דער יודישער קליינבירגער, זעה איך טאקי אין דער קאאפעראטיווער בעוועגונג גופא, אין דער קאאפעראטיווער בעוועגונג פון די יודישע קליינבירגער(*).

ערשטענס, קאנען נאך געגרינדעט ווערען נייע לייה-און שפאר-קאסעס. ביז היינט עקזיסטירען זיי נור אין א דריטעל שטעדט און שטעדטלעך פון תחום און זיי קענען בלי ספק געגרינדעט ווערען אין נאך א רייהע אנדערע שטעדטלעך, וואו ס'איז נאך היינט קיין יודישע קרעדיט-פעראיינען אינגאנצען נישטא. עס קאן אויך פערברייטערט ווערען די טעטיגקייט פון די עקזיסטירענדע קרעדיט-פעראיינען. מען דארף נישט פערגעסען, אז די לייה-און שפאר-קאסעס זענען בכלל אין אימעטום דער ווינטיגסטער מין פון דער קליינבירגערליכער קאאפעראציע. און ווי ביז איצט קענען זיך מיט זיי בענוצען אי קליינע בעל-מלאכות אי קרעמערס (אויף יעדע פין דיזע צוויי גרופעס קומט אויס אומגעפעהר צו צוויי פינפטעל פון

---

(*) אויף דעם האט שוין אנגעוויזען ה' מירקין אין נ' 17 פון „יעווריייסקי מיר" 1910. ה' מירקין איז אבער, ווי עס שיינט, וועגען בעקאנט מיט דער קאאפעראטיווער בעוועגונג; זיין איינטיילונג פון די קאאפעראטיוון איז דעריבער אן'אויבערפלעכליכע, און דורכדעם האט ער נישט בעמערקט אזא ווינטיגען מין קליינבירגערליכע פעראיינען, ווי דער פעראיין צום פערקויפען די אויסגעארבייטע פראדוקטען.—אחוץ דעם, האט ער זיך אויסגערעדט, אז די דייטשע קאנסום-פעראיינען האבען 7 מיליאן מיטגלידער. ה' מירקין האט, ווי מ'זאגט, געהערט א קלאנג, נור ער ווייס במחילה נישט אין וועלכער תפלה: מיטגליעדער זענען דארטען פארהאן נישט מעהר, ווי א מיליאן מיט א פערטעל, נור די מיטגליעדער צוזאמען מיט זייערע הויז-גענינדער, רעכענט מען, זענען אונגעפעהר 6—7 מיליאן נפשות; 7 מיליאן ווייטער איז ביי איהם א זיבעטעל פון דער דייטשער בעפעלקערונג, בעת אין 1907 האט דייטשלאנד געהאט גענויע 62 מיליאן איינוואוינער. — נור בעצם זאך, בנוגע צו דער קליינבירגערליכער יודישער קאאפעראטיווער בעוועגונג און פון דעם קליינבירגערליכען קלאסען-שטאנדפונקט, איז ה' מירקין גערעכט.

אַלע מיטגליעדער פון די יודישע קרעדיט־פעראיינען; איין פינפ־טעל געהערט צו אַנדערע געזעלשאַפטליכע שיכטען.

די פּראָדוקציאָנס־פעראיינען פון קליינע בעלי־מלאכות האָבען זיך בכלל אין ערגיץ נישט איינגעגעבען און זיי וועלען זיך אָהן ספק אויך ביי אונז נישט איינגעבען; וועגען זיי איז אַלזאָ נישטאָ וואָס צו רעדען.

עס קענען זיך אָבער יאָ איינגעבען פעראיינען צום איינקויף פון פּראָדוקציאָנס־מיטעל און פון סחורה; די יודישע בעלי־מלאכות קענען גרינדען פעראיינען, וואָס זאָלען פאַר זיי איינקויפען אַנגראָ די געציי און די מאַטעריאַלען, וואָס זיי דאַרפען צו דער אַרבייט, פון גוטען מין און צו ביליגע פּרייזען; די קרעמערס קענען גרינדען פעראיינען, וועלכע זאָלען איינקויפען פאַר זיי מעגליך־דירעקט ביי די פאַבריקאַנטען יענע סחורות, וואָס זיי האַלטען אין זייערע קראָמען; געוויסע סחורות וואָלטען זיי געקענט פאַבריצירען אויך די אייגענע רעכענונג, אויב זייער פעראיין וועט נור אַרומנעהמען אַ רעכט־גרויסע צאָהל קרעמערס־מיטגליעדער. ווי די צייטונגען האָבען איבערגעגעבען, איז אין ווילנע שוין געגרינדעט געוואָרען איין פעראיין אַזעלכער.

אין געוויסע בראַנזשען וואָלטען אויך געקאָנט געגרינדעט ווע־רען פעראיינען צום פערקויפען די אויסגעאַרבייטע סחורה. דאָס איז שוין נוגע אויסשליסליך די בעלי־מלאכות. אָנשטאָט צו ווערען עקספּלואַטירט דורך די סוחרים, וואָלטען זיי געקאָנט גרינדען אַ שותפ׳ישע פירמע און שיקען זייער סחורה אויף דעם וועלטען מאַרק. ביז איצט איז ביי יודען אין דעם ברט כמעט גאָרנישט געטאָן געוואָרען. — איך זאָג „כמעט“, ווייל אין דעם דער־מאָהנטער פראַנצויזישען בעריכט פון יק״א זענען פאַראַהאַן פונדעסט־וועגען ידיעות וועגען אַזאַ מין קאָאָפּעראַטיווען מעבעל־געוועלב אין ווילנא און וועגען אַזאַ שוך־געוועלב אין האָמעל, וועלכע פערקויפען זייערע סחורות נישט נור אויפ׳ן פּלאַץ גופא, נור אויך אויפ׳ן וועלטען מאַרק, אין פרעמדע גובערניעס. אין דיזער ריכטונג קען אָבער נאָך פיעל געטאָן ווערען, און פריהער אָדער שפּעטער וועט מסתמא דער יודישער בעל־מלאכה זיך נעהמען צו דעם.

מען דאַרף אָבער נישט פערגעסען, אַז פון דער קליינבירגער־שער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג וועט ביי אונז האָבען נעוויסע נוצען הויפּטזעכליך דער בעל־מלאכה און ווייניגער דער קרעמער. דער לעצטער קאָן זיך נור בענוצען מיט דעם קרעדיט־פעראיין און אין

אַ געװיסער מאָס אױך מיט דעם פֿעראײן אײנצוקױפֿען אַנגראָ זײנע סחורות, בעת דער בעל=מלאכה קאָן אַהין דעם האָבען גרױסע נוצען אױך פֿון דעם פֿעראײן צו פֿערקױפֿען די אױסגעאַרבײטע פּראָדוקטען. און געװיס װעט דאָס זײ בײדען נישט שאַטען „אינגאַנצען אױף שטענדיג“ נישט פֿון דעם דרוק פֿון גרױסען קאַפּיטאַל און נישט פֿון דער קאָנקורענץ פֿון די קאָנסום=פֿעראײנען. און װי מיר האָבען אױבען געזעהען, דאַרף מען סתם פֿון די קלײנבירגערישע קאָאָפּעראַטיװען, אַחוץ די קרעדיט=פֿעראײנען, קײן גרױסע ענטװיקלונג נישט ערװאַרטען. נור פֿינדעסטװעגען איז אַ געװיסער, הגם זעהר אַ בעשרענקטער מאָס, איז די קלײנבירגערשע קאָאָפּעראַטיװע בעװעגונג בכח אױסצובעסערן די בעדינגונגען פֿון דעם קלײנעם קרעדיט און דעם סחורות=אָבזאַץ פֿאַר אונזערע קלײנבירגערליכע פּראָדוצענטען. ס'איז אַלזאָ נור אַ פּאַליאַטיװ, אַ האַלבער מיטעל, אַ דערװײליגער מיטעל; מיט װאָס אָבער לעבט דען בכלל דער קלײנבירגער, אױב נישט מיט פּאַליאַטיװען און דערװײליגע מיטלען?

## X. די קאָנסום=פּעראײנען און די יודישע אַרבײטער.

װי איך האָב געזאָגט, זענען בײ אונז קײן קאָנסום=פֿעראײנען נישטאָ. צו איז דאָס אַ בעװײז, אַז בײ אונז קענען קײן קאָנסום=פֿעראײנען נישט זײן? — דאָס איז געװיס אַ גאַנץ שװאַכע ראיה. נאָך מיט אַ יאָהר צעהן צוריק זענען בײ אונז כמעט קײן קרעדיט=פֿעראײנען אױך נישט געװעזען, און איצט האָבען מיר אַזעלכע פֿעראײנען כמעט אין אַלע װיכטיגערע שטעדט און שטעדטלעך פֿון דער טשערטאַ. אָהן די יק"א'ס שטיצע, װאָלטען אױך איצט די קרעדיט=פֿעראײנען אַנ'אַנדער פּנים געהאַט, אױב זײ װאָלטען בכלל געהאַט אַ װעלכען נישט איז פּנים. אַחוץ דעם דאַרף מען נישט פֿערגעסען, אַז די אַרבײטער=אָרגאַניזאַציעס, פֿון װעלכע עס האָט געקענט אַרױסגעהן די איניציאַטיװע פֿון גרינדען קאָנסום=פֿעראײנען, זענען נראָד אין די לעצטע עטליכע יאָהר געװעזען אינגאַנצען כמעט צושטערט, פֿערפֿאָלגט און געיורדפֿ'ט פֿון אַלע זײטען. װעמען בײ אונז זענען געקראָכען אין קאָפּ קאָנסום=פֿעראײנען? — די לעצטע עטליכע יאָהר זענען אַלזאָ קײן שום ראיה נישט אױף װײטער. און פֿינדעסטװעגען האַלטען זיך פֿילע בײ דער מײנונג, אַז די קאָנסום=פֿעראײנען האָבען צװישען יודען קײן צוקונפֿט נישט, דאָס זײ קאָנען נישט און דאַרפֿען זיך נישט ענטװיקלען צװישען יודען. פֿאַרװאָס? געװעהנליך ערקלערט מען עס מיט דרײ מאָטיװען:

ערשטענס, זענען ביי יודען פארהאן צופיעל קרעמע־ס; די קאָנ־קורענץ צווישען זיי איז אַזוי גרויס, דאָס זיי זענען געצוואונגען צו פערקויפען מיט דעם קלענסטען ריוח, אַזוי אַז זיי שטארבען דריי מאָל אַ טאָג פאַר הונגער, ווי מ'זאָגט אויף יודיש; די קאָנסום־פער־איינען וועלען אַלזאָ מיט זיי נישט קאָנען קאָנקורירען און וועלען מיזען הירכפּאַלען; און בכלל, וויבאַלד ביים קרעמער בלייבט אינגאַנצען ניר אַזאַ אויסערסט־קליינער ריוח, דאַן זענען די קאָנסום־פעראיינען סתם איבעריג.

צווייטענס, ביי יודען פעהלט דער געזעלשאַפטליכער עלעמענט, אויף וועלכען עס שטיצען זיך די קאָנסום־פעראיינען. אַ קאָנסום־פעראיין קאָן עקזיסטירען, אויב זיינע מיטגליעדער פיהרען אַ הויז־ווירטשאַפט פאַר זיך, ד. ה. אויב זיי האָבען אייגענע פאַמיליעס; דער יודישער אַרבייטער איז אָבער בכלל אַ בחור; „בעוויבטע" יודישע אַרבייטער זענען פאַרהאַן זעהר וועניג; האָט אַ יודישער אַרבייטער התונה, דאַן ווערט ער אַ „מייסטער" פאַר זיך אָדער אַ „סוחר פאַר זיך", ד. ה. ער ווערט אַ קליינבירגער; די קאָנסום־פעראיינען האָבען אַלזאָ נישט קיין רעעלען באָדען, קיין סאָציאַ־לען יסוד אויף דער יודישער גאַס.

און דריטענס, מען דאַרף אויף קיין קאָנסום־פעראיינען נישט גרינדען, וואָרום דער יודישער קרעמער ווערגט זיך שוין אַזוי אויך פאַר אַ שטיקעל ברויט, זיין לעבען איז שוין אַזוי אויך געגוג ביטער, דער יודישער אַרבייטער זאָל קומען איהם דאָס לעבען נאָך ביטערער מאַכען און זיין לעצט שטיקעל ברויט אויך אָבנעהמען ביי איהם.

און מיינע אויגען איז דער לעצטער מאָטיוו דער ווי כ־טיגסטער. נור איידער איך וועל איהם נעהנטער אַנאַליזירען, וויל איך דאָ ברענגען עטליכע ווערטער פון אַ געשפּרעך, וואָס איך האָב נישט לאַנג געהאַט מיט איינעם פון די געלעהרנסטע מיטגליעדער פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכער איז צו וועלבער צייט אַנ'איבערצייגטער „רעפאָרמיסט" און אַ טהעאָרעטישער פראָ־פאַגאַנדיסט ספּעציעל פאַר די מוניציפּאַליזירונג פון פערשיעדענע אינדוסטריע־בראַנזשען. ער האָט געזאָגט פיעל־וועניג פאָלגענדעס:

„די סאָציאַלע רעפאָרמען און די טיילווייזע געזעלשאַפטליכע אויסבעסערונגען זענען געוועהנליך אַ סך מעהר ברוטאַל און אָהן־רחמנות'דיג, ווי די פולע סאָציאַלע איבערקעהרעניש. ביי דער סאָ־ציאַלער איבערקעהרעניש, בעת עס וועט ביים קאַפּיטאַליסט אָבגענ־

טמען ווערען די פּראָדוקציאָנס־מיטעל, וועט איהם אָדער געגעבען ווערען אַ פֿערגעלטונג, אָדער יעדענפֿאַלס וועט עס איהם, ווי יעדען אַנדערן, גאַראַנטירט ווערען די מעגליכקייט צו לעבען פֿון זיין אַרבייט ביי דער נייער סאָציאַלער אָרדנונג. בעת מיר אָבער מוניציפּאַליזירען אַ געוויסען אינדוסטריע־צווייג, צ. ב. די בעקעריי, דאַן בלייבען די בעקערייען־אייגענטימער אָהן שום פֿערגעלטונג, און אויב זיי שטאַרבען פֿון הונגער, איז דאָס זייער פּריוואַט־זאַך; קיינער קימערט זיך וועגען דעם נישט. די סאָציאַלע איבערקעהרעניש איז שוין אַלזאָ פֿיעל מענשליכער און מילדער. נור כדי צו קענען מאַכען דיזע „מילדע“ איבערקעהרעניש, מוזען פֿריהער דורכגעפֿיהרט ווערען אַט די פֿערשידענע אָהן־רחמנות'דיגע רעפֿאָרמען, ווארום דאָס איז שוין די שולד פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט, וואָס יעדע אויסבעסערונג פֿאַר איינעם מוז טויטליך אָנגרייפֿען דעם צווייטען. אין דעריבער טאַקי האָבען אַ טעות יענע רעפֿאָרמיסטען, וואָס שטעלען זיך פֿאָר די צוקונפֿט אַלס אַנ'אונענדליכע רייהע „פֿרידליכע“ סאָציאַלע רעפֿאָרמען. ניין, ס'וועט קומען צו אַזאַ מאָמענט, וואו די פֿולע סאָציאַלע איבערקעהרעניש וועט זיך אַרויסווייזען אַ סך מענשליכער און לייכטער דורכצופֿיהרען, איידער יעדע נייע טיילווייזע אויסבעסערונג“.

דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערען נישט נור בנוגע צו דער מוניציפּאַליזירונג פֿון ברויט־בעקעריי, נור אויך בנוגע צו די קאָנסום־פֿעראיינען צווישען יודען. אויב דער איינציגער מאָטיוו געגען זיי איז דאָס, וואָס זיי מאַכען דעם קרעמערס לעבען נאָך ביטערער, דאַן דאַרפֿען מיר בשום אופֿן פֿון זיי זיך נישט ענטזאַגען. יעדער טריט אויפֿ'ן וועג פֿון סאָציאַלען פּראָגרעס, יעדע אויסבעסערונג, וואָס ווערט געמאַכט א י ן דער איצטיגער געזעלשאַפֿט, מוז שטענדיג געוויסע קרייזען דאָס לעבען פֿערביטערען. אַזוי איז שוין געבויט די א י צ ט י ג ע געזעלשאַפֿט.

נור צי וועט די ענטוויקלונג פֿון יודישע קאָנסום־פֿעראיינען טאַקי נאָך ביטערער מאַכען די לאַגע פֿון יודישען קרעמער? — אין אָנפֿאַנג יאָ, שפּעטער אָבער וועט פֿון דעם פֿאַר די קרעמער גופֿא אויך נור אַ בעסערונג אַרויסקומען. ווען מען זאָל אַפֿילו אַננעהמען, אַז קרעמערס, וואָס האָבען קיין דירות נישט, וועגען וועלכע עס רעדט דער קאָרעספּאָנדענט פֿון „פֿריינד“, זענען נור אַ זעלטענער אויסנאַהם, מוז מען פֿונדעסטוועגען צוגעבען, דאָס די לאַגע פֿון יודישען קרעמער איז שוין פּשוט אונערטרעגליך; אויב ער טשעפּעט זיך נאָך פֿונדעסטוועגען אָן זיין קרעמעל, איז דאָס פֿאַר איהם געוויס קיין טובה

ניִשט; ס'ווילט זיך איהם ניִשט ווערען אויס בעל־הבית, און אמת'ן אָבער יעדער אומשטענד, וואָס צווינגט איהם צו וואַרפען זייַן קרעמעריי, צו ווערען אַ געדונגענער אַרבּייטער, זיך צו נעהמען צו אַנ־דער עקאָנאָמישער טעטיגקייט, בּעסער צו אָרגאַניזירען די קרעמעריי גופא, אָדער צו עמיגרירען, איז בּכלל געוואונען, פאַר דעם יודישען קרעמער אַ טובה. איך מיין דעריבּער, דאָס די ווירקונג פון די קאָנסום־פערייַנען איז בּכלל אַ גינסטיגע פאַר די אמת'ע אינטע־רעסען ניִשט נור פון אַרבּייטער־קלאַס, נור פאַר די ברייטע יודישע מאַסע אין גרויסען און גאַנצען, וואָרום זיי פערקירצען דעם איבּער־גאַנג־פּראָצעס פון דער איצטיגער פּאַטאָלאָגישער לאַגע, און ווע לכער ס'געפינט זיך די יודישע בּעפעלקערונג פון תהום צוליעב דער צו־גרויסער צאָהל קרעמערס, און שטופען די יודישע מאַסע אויף אַנדערע, מעהר פּראָדוקטיווע און פאַר איהר גופא בּעסער־לויהנענדע עקאָנאָ־מישע וועגען. געווויס איז דאָס אַ שאַרפער היייל־מיטעל, וואָס מוז אַלליין פיעל וועהטאָג פערשאַפען; סוף כל סוף וועט דאָס אָבער נוצען בּרענגען דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון דער בּרייטער יודי־שער מאַסע און תחום און בּכלל דעם אויך די יודישע קרעמערס.

דאַרף מען נאָך צוגעבּען, אויב עס האַנדעלט זיך שוין יאָ וועגען דעם, וואָס איז רעכט און וואָס מען האַרף, דאָס ניִשט נור דער יודישער קרעמער, נור אויך דער יודישער אַרבּייטער האָט זייַן רעכט, און דאָס קיינער האַרף בּיי איהם ניִשט פאָדערען, אַז אויב ער קאָן אייַנאָרדנען זייַן לעבּען עקאָנאָמישער און צוועקמע־סיגער, אויב ער קאָן פערשטאַרקען און פערבּרייטערען זייַן אָרגאַני־זאַציע און ענטוויקלען בּעסערע סאָציאַלע פאָרמען, — זאָל ער זיך פון דעם אָבּזאָגען און זאָל פון זייַן מאָגערען לויהן אונטערהאַלטען אַ מענגע געזעלשאַפטליך־איבּעריגע קרעמערס — דאַרף מען עס נאָך דערמאָנען?

און טאַקי ווייל דעם קליינבּירגערליכען געבּעך־יושר קאָן אַנט־קעגענגעשטעלט ווערען דער געזונדטער פּראָלעטאַרישער רעכטס־בּעגריף, זוכט מען אָפטמאָל צו דערווייַזען, דאָס די קאָנסום־פער־אייַנען קאָנען בּיי אונז ניִשט עקזיסטירען, ווייל זיי קענען ניִשט קאָנקורירען מיט'ן קליינבּירגער, וואָס בּעגנוגענט זיך מיט אַ הונגער־ריוה, און ווייל בּיי יודען זענען פאַראַאַן וועניג בּעוויַבּטע אַרבּייטער.

קודם מוז איך בּעמערקען, דאָס די אַלע סבּרות, וואָס ווילען דערווייַזען, אַז דער יודישער אַרבּייטער קאָן ניִשט דערגרייכען, וואָס אַנדערע קאָנען יאָ, — זענען בּיי מיר לכתחלה פערדעכטיג. פון זיי

שמעקט מיט ס.—ס'יזם, וועלכער איז געבויט אויף דעם, דאס דער יודישער פראלעטאריער איז קיין אמת'ער פראלעטאריער נישט, דער יודישער קאפיטאליסט — קיין קאפיטאליסט נישט, נור דאס אלע זענען עפעס א מין בעשעפעניש, ווי די גמרא זאגט, „א שטיקעל חיה און א שטיקעל בהמה", ד. ה. פשוט קליינבירגער.

נור לאמיר נעהנטער אקוקן געבען אויף יעדערע פון דיעזע „ראיות" בעזונדער.

איך האב שוין אויבען געוויזען, ווי ווייט פאלש עס איז צו מיינען, דאס די קאנסום-פעראיינען קענען נישט קאנקורירען מיט די יודישע קרעמערס, וואס שטארבען דריי מאל א טאג פאר הונגער. אויב די יודישע קרעמערס שטארבען פאר הונגער, איז די סבה פון דעם נישט דאס, וואס אום לייטען טובות צו טאן, בעגניגענען זיי זיך מיט א הונגער-ריווח און ווילען מעהר קיין איינקונפטען נישט האבען, נור דאס, וואס צוליעב זייער צוגרויסער צאהל האט יעדער פון זיי איינגאנצען, ווי מ'זאגט, אנדערטהאלבען קונים; ביי אזעלכע בעדינגונגען קומט זיי אליין אויס צו קויפען בסך-הכל פאר א פאר צובראכענע גילדענס, און דאס נאך אויף באר. (און זייער קרעדיט איז דאך אויך נישט פרימא דע פרימא!) ; זיי מוזען אלזא עס קויפען פון דער דריטער אדער פיערטער האנד און צאהלען פאר זייערע קלאנגעדיגע „סחורה" אויסערסט-אויפגעבלאזענע פרייזען; און היפיעל זיי זאלען נאכדעם נישט פערדיענען אן יעדען איינציגען קונה, מוזען זיי פונדעסטוועגען שטארבען פון הונגער, וואריס פון „אנדערטהאלבען" קונים איז שווער צו עקזיסטירען. וואס מעהר קרעמערס זענען פארהאן, אלץ ווייניגער קונים האט יעדער פון זיי, אלץ טייערער קאסט זיי גופא די סחורה, אלץ ערגער איז זיי, און אלץ לייכטער איז די קאנסום-פעראיינען געגען זיי צו קאנקורירען און זיי ארויסצוטרייבען פון מארק, דאס דארף מען איינמאל פאר אלעמאל פערשטעהן. און פאקטיש זעהען מיר טאקי, ווי איך האב עס אויבען אנגעמערקט, דאס פון גאנץ רוסלענדער מלוכה האבען זיך די קאנסום-פעראיינען אם מייסטען ענטוויקעלט אין די גובערניעס פון תחום, ד. ה. דארטען, וואו ס'איז פארהאן, אזוי צו זאגען, אנ'איבערפראדוקציע פון קרעמערס. — די צו-גרויסע צאהל קרעמערס איז אלזא פאר די ענטוויקלונג פון די יודישע קאנסום-פעראיינען גישט נור קיין חסרון נישט, נור פערקעהרט א מעלה.

בלייבט אלזא נור די טענה מיט די נישט-בעוויבטע ארבייטער.—

קיין גענויע סטאַטיסטישע ידיעות, וואָס זאָלען קאָנען בעווייזען די ריכטיגקייט פֿון דער בעהויפּטונג, אַז די יודישע אַרבייטער זענען כמעט נור בחורים, איז נישט פֿאַרהאַן. דער גאַנצער „פֿאַקט“ איז געבויט נישט מעהר, ווי אויף פּערזענליכע איינדרוקען און פּערזענליכע בעאָבאַכטונגען; זיין בעווייזונגס־קראַפֿט איז אַלזאָ שוין דורך דעם אַליין זעהר בעשרענקט. פֿונדעסטוועגען, אויף וויפֿיעל מען קאָן זיך פֿערלאָזען אויף אַזעלכע פּערזענליכע איינדרוקען, מוז יעדער נישט־פֿערבלענדעטער בעאָבאַכטער צוגעבען, דאָס די צאָהל פֿון אַרבייטער, וואָס ווערען נאָך דער חתונה קלייבירגער, איז ביי אונז פֿערהעלט־נישמעסיג גרויס. און דאָך איז די „טענה“ הירכאויס פֿאַלש.

דער טעות איז דאָ דערזעלביגער, ווי אין אַלע בעוואוסטע טענית פֿון די ס. ס.: זיי נעהמען געוועהנליך אַ געוויסען צושטאַנד ביי יודען, וואָס האָט זיין וואָרצעל אין דער פֿערגאַנגענהייט, אַ ירושה'נונג, וואָס האַלט זיך אין ענדערען, וואָס האָט שוין זיך פֿיעל־וועניג געענדערט, און שטעלען זיך עס פֿאָר, ווי עטוואָס אַ שטענדיגעס און אונענדערבאַרעס; אויף דעם אופֿן בעקומט זיך, פֿערשטעהט זיך, דער היפּוך פֿון דעם, וואָס מיר זעהען אויף דער גרויסער היינטיגער וועלט; אויף דעם היפּוך ווייזען זיי נאָכדעם מיט די פֿינגער און שרייען: איהר זעהט, ווי ביי אונז איז אַלעס קאַפּויער, בלייבט אַלעס צוריק, ענטוויקעלט זיך נישט א. ז. וו. די סבה פֿון דעם „היפּוך“ זעהען זיי אין דעם, וואָס יודען זענען אין גלות. אין אמת'ן אָבער איז די סבה פֿון דעם כלומר'שדיגען היפּוך נישט דער גלות, נור דער קליינבירגערליכער געדאַנקען־גאַנג פֿון זייערע אייגענע מוחות, וואָס האָט זיי געבראַכט, פֿאָרצושטעלען זיך אַלס עטוואָס שטענדיגעס און אונענדערבאַרעס דאָס, וואָס אין אמת'ן האַלט אין איין ענדערען זיך און וואָס געהערט שוין אין אַ גרויסער מאָס צו דער פֿערגאַנגענהייט.

אַמאָל פֿלעגט כמעט יעדער „געהילף“ נאָך דער חתונה ווערען פֿריהער אָדער שפּעטער אַ „מייסטער“ פֿאַר זיך. אין אַ רעכט גרויסער מאָס זעהען מיר עס נאָך ביז היינטיגען טאָג. די ענדערונג, וואָס קומט אָבער פֿאָר אין דיזער הינזיכט און וואָס איז שוין פֿאָרגעקומען, וואַרפֿט זיך אין די אויגען יעדען איינציגען, און מ'דאַרף קענען די יודישע אַרבייטער נור פֿון די פּאָליטישע בירזשעס, הויפּט־זעכליך פֿון דער ס.ס.'אָווער בירזשע, אום צו מיינען, אַז די יודישע אַרבייטער בעשטעהען ביי היינטיגען טאָג אויסשליסליך אָדער כמעט אויסשליסליך נור פֿון נישט־בעווייבטע. צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג

פון די נייע פראָדוקציאָנס-פאָרמען איז אויך אויסגעוואַקסען אַ שטענדיגער, נישט נור אַ „צייטווייליגער" אַרבייטער-קלאַס, אַ קלאַס פון מענשען, וועלכע בלייבען אויף זייער גאַנצען לעבען פּראָלעטאַריער, און די גרויסקייט פון דיזען קלאַס האַלט כסדר אין וואַקסען. און אויב ס'איז אַפילו ריכטיג, אַז פערהעלטניסמעסיג איז ביי אונז נאָך איצט פאַרהאַן ווייניגער פערהייראַטע אַרבייטער, ווי ביי די פּאָליאַקען אָדער די רוסען צ. ב., איז אָבער פּשוט לעכערליך צו זאָגען ביי היינטיגען טאָג, דאָס ביי יודען איז די צאָהל בעווייבטע אַרבייטער אַבסאָלוט זעהר אַ קליינעטשקע, אַזוי קליין, דאָס זיי קאָנען אַפילו נישט בילדען קיין קאָנסום-פעראיינען. און ווער קאָן נאָך ביי היינטיגען טאָג צווייפלען, דאָס אַזעלכע אַרבייטער וועלען מאָרגען זיין אין נאָך אַ גרעסערער צאָהל, ווי היינט?

נור צו איז עס טאַקי אַזוי געוויס-ריכטיג, דאָס די נישט-פערהייראַטע אַרבייטער שטעלען פאָר, אַזוי צו זאָגען, אַ טויטעס קאַפּיטאַל פאַר די קאָנסום-פעראיינען? — דער אונטערשייד אין די בעדערפנישען פון בחורים און פערהייראַטע בעשטעהט כמעט אויסשליסליך אין שפּייזע-פּראָדוקטען: בעת דער פערהייראַטער, וואָס האָט זיין אייגענע קיך, נויטיגט זיך מעהר אין רויהע שפּייזע-פּראָדוקטען, בעדאַרף דער נישט-פערהייראַטער מעהר פאַרטיגע עסען. דעריבער טאַקי אין אַ קאָנסום-פעראיין, וואָס איז אויסגערעכענט ספּעציעל אויף קיך-ווירטשאַפט, האָט דער בחור כמעט גאָרנישט וואָס צו טהון. וואָס איז אָבער דערפון געדרונגען? — נור איין זאַך: אין די ערטער, וואו אַ קאָנסום-פעראיין קאָן האָבען אויסזיכטען נור, אָדער הויפּטזעכליך, אויף אַנ'אונפערהייראַטעס פּובליקום, דאַרף ער זיך צופּאַסען צו די בעדערפנישען פון דיזען פּובליקום. זיין שפּייזע-אָבטהיילונג דאַרף ענטהאַלטען פאַרטיגע עסען, ד. ה. עס דאַרף געעפענט ווערען אַ רעסטאָראַן, אַ קאַפע-אָדער טהעע-הויז; און מיט דעם שעפּט זיך אייגענטליך אויס די גאַנצע צופּאַסונג. די איבעריגע אָבטהיילונגען קאָנען בלייבען ווי געוועהנליך אין קאָנסום-פעראיינען: שיך אָדער וועש, פערשיעדענע קאָלאָניאַל-אָדער גאַלאַנטעריי-פּראָדוקטען, ווער רעדט שוין ביכער אָדער צייטונגען א. ד. ג., געברויכען בחורים נישט ווייניגער, ווי פערהייראַטע. קורץ געזאָגט, אַזוי ווי בחורים זענען נישט קיין בריאים, וואָס לעבען נישט קאָנסומירענדיג און אָהן שום בעדערפנישען, נור מענשען, וואָס האָבען בלויז ביז אַ געוויסען גראַד ספּעציעלע בעדערפנישען, איז קלאָר, דאָס זיי קאָנען בילדען קאָנסום-פעראיינען צוגלייך מיט אַנ-

דערגען, נור דאס דיזע פעראײנען דארפען זײן צוגעפאסט צו זײערע בע=דערפנישען.

און אפילו יענע „אבטרינניגע“, וואס הערען נאך דער התונה קלײנע מײסטערלעך פאר זיך, זענען זײ דען אינגאנצען פערלארען פאר די קאנסום=פעראײנען? איך האב שוין פריהער געוויזען, דאס די קאנסום=פעראײנען בעשטעהען בכלל נישט נור פון פראלעטאריער, נור אויך אין א געוויסער מאס פון קלײנע בעלי=מלאכות. די אלע בעלי=מלאכות, וואס זענען אלײן קײן קרעמער נישט, און א גע=וויסער טײל אויך פון יענע, וואס פערקויפען דירעקט די פרא=דוקטען פון זײער ארבײט, קאנען ווערען צוגעצויגען צו די קאנסום=פעראײנען. בעזונדער גרויס וועט זײן דער אנטײל פון די יודישע בעלי מלאכות אין די יודישע קאנסום=פעראײנען. אין דעם שווערען קאמפף, וואס קומט אויס צו פיהרען דעם יודישען בעל=מלאכה אנטקעגען דער וואקסענדער נישט=יודישער קאנקורענץ, וועלען די קאנסום=פעראײנען זײ קאנען ברענגען נישט קײן קלײנע ניצען דערמיט, וואס זײ וועלען זײ פערשאפען ביליגער די לעבענס=מיטעל. צוזא=מען מיט די פעראײנען, וואס דארפען זײ שיצען אלס פראדוצענטען, וועגען וועלכע איך האב אויבען געזאגט עטליכע ווערטער, העלען זײ אלזא זיך בענוצען אויך מיט די קאנסום=פעראײנען, וואס וועלען זײ עטוואס פערלײכטערען די עקזיסטענץ אלס קאנסומענטען. און מען קאן זיכער זײן, דאס זײער אנטײל אין דיזע לעצטע פעראײנען וועט געוויס נישט זײן קײן קלײנער.

בעזונדער גרויס וועט געוויס זײן דער אנטײל טאקי פון יענע שנײדערס, שוסטערס, וועבערס, סטאלערס, זײגערמאכערס, יובעלירען א. ד. ג., וואס זענען נאך נעכטען אלײן געוועזען געהונגענע אר=בײטער, וואס די עקאנאמישע בעדינגונגען האבען פערוואנדעלט אין קלײנבירגער, נור וואס זענען נאך נישט אינגאנצען אבגעריסען גע=ווארען פון די אידעאלען און שטרעבונגען פון ארבײטער=קלאס: פאר זײ וועלען די קאנסום=פעראײנען ברענגען נישט נור מאטעריעלע ניצען אין אלטעגליכען לעבען, נור אויך א גרויסע גײסטיגע בעפריעדיגונג, וואס קאן האבען א געוויסע ווירקונג אויך אויף די פאליטישע האלטונג פון דיזע געזעלשאפטליכע קרײזען, וועלכע זענען נאך נעכטען געשטאנען אין די רײהען פון ארבײטער=קלאס און פון וועלכע א געוויסער טײל וועט מארגען צוריק געהערען צום פראלעטאריאט. קורץ, די קאנסום=פעראײנען קאנען און וועלען בע=שטעהן נישט נור פון ארבײטער, נור אויך פון א גרויסען טײל פון

די זעלבסטשטענדיגע און האַלב־זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות, און צווישען די לעצטע וועלען דעם ערשטען פּלאַץ פערנעהמען אָט די יעניגע, וואָס שטעהען, אַזוי צו זאָגען, מיט איין פוס אין קליינבירגערטום און מיט דער אַנדערער אין פּראָלעטאַריאַט.

*נור געבויט מוזען די קאָנסום־פעראיינען ווערען דורך דעם אַרבייטער־קלאַס*, כדי דיזע פעראיינען זאָלען קאָנען וואָס מעהר אויסגענוצט ווערען אין די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט און פון סאָציאַלען פּראָגרעס. די בעוואוסטזיניגע אַרבייטער, די אינטעליגענטען, וואָס שטעהען אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען, און אַלע פריינד פון דעם פּראָגרעס פון דער יודישער אַרבייטענדער מאַסע, דאַרפען אויף זיך נעהמען די *איניציאַטיווע* צו גרינדען קאָנסום־פעראיינען אין די אַלע שטעדט און שטעדטלעך, וואו אַזעלכע פעראיינען קאָנען לויט די אָרטיגע בעדינגונגען האָבען אַ געוויסען ערפאָלג.

* *

*

מען וועט מיך אפשר פרעגען: *ווי איז די יודישע אַרבייטער־מאַסע גופא געשטימט בנוגע צו דער גרינדונג פון קאָנסום־פעראיינען?* — אויף דעם קאָן איך געבען פאָלגענדען ענטפער: בכלל גענומען, האָט זי, ווי ווייט איך ווייס, קיין שום בעגריף נישט וועגען דעם אינהאַלט, די בעדייטונג און די געשיכטע פון די קאָנסום־פעראיינען; ביי די פיעלע הונדערטער אַרבייטער אָבער, וועלכע איך האָב געהאַט די מעגליכקייט אין פערשיעדענע צייטען בעקאַנט צו מאַכען מיט דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג, האָב איך געפונען אַן אמת'ע בעגייסטערונג פאַר די אידעע פון קאָנסום־פעראיינען; אַ ביסעל פּראַקטישע איניציאַטיווע, ווי ס'איז געווען צו זעהן, וואָלט געקאָנט בעשאַפען אַ מעכטיגע בעוועגונג; דיזע איניציאַטיווע איז אָבער פון ערגיץ נישט געקומען און אַלץ איז, צום בעדויערן פון די אַרבייטער גופא, געבליבען נור — אין דער טעאָריע. שפּעטער האָבען זיך אין איינעם פון די גרעסטע צענטרען אין תחום געגרינדעט, טאַקי דורך די אַרבייטער גופא, צוויי יודישע קאָנסום־פעראיינען: איינער כלומר'שט אונטער דער ווירקונג פון בונד און איינער כלומר'שט אונטער דער ווירקונג פון פּ. צ.; פאַקטיש אָבער זענען אויך דיזע צוויי פּראָבעס געבליבען אָהן שטיצע, אָהן אָנטייל פון וועלכע נישט

איז אינטעליגענטע קרעפֿטען — און האָבען גאָרנישט געקאָנט אויפֿטאָן; זיי האָבען זיך פֿעראייניגט, נור אויך נאָך דער פֿעראייניגונג זענען זיי נאָך אַלץ נישט אַרויס פֿון דער סטאַדיע פֿון הכנות און ביז הײַנט האָבען זיי, דאַכט זיך, נאָך קיין געוועלב נישט געעפֿענט*).

ס'פֿערשטעהט זיך, אַז ווײַטער דאַרף אַזוי נישט זײַן: די גרינדונג פֿון קאָנסום־פֿעראיינען דאַרף מעהר נישט פֿערנאַכלעסיגט ווערען און דאַרף בשום אופֿן נישט איבערגעלאָזען ווערען דעם צופֿאַל. די ארבייטער־פּאַרטיי דאַרף אַהין אַרײַנטראָגען אַנ'אָרגאַניזירטע און פּלאַנמעסיגע טעטיגקײַט. צווישען די וועניגע „לעגאַלע מעגליכקײַטען", וואָס שטעהען איהר אָפֿען, איז די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג געוויס איינע פֿון די וויכטיגסטע און פֿון די „מעגליכסטע", וואָרום ווי עס ווערט נישט געשטערט די טעטיגקײַט פֿון די קאָנסום־פֿעראיינען, זענען דיזע שטערונגען נור אַ קלייניגקײַט אין פֿערגלײַך מיט די פֿערפֿאָלגונגען פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען און בילדונגס־געזעלשאַפֿטען. — דאָס פֿעלד איז פֿאָרבערייטעט, די צײַט פֿון זייהען איז שוין לאַנג געקומען, און די וואָס וועלען וואַרפֿען די זאָאַט אין די זאַפֿטיגע ערד, וועלען געפֿינען אַ הונדערטפֿאַכיגען שניט.

וואו זענען די זייערס? ווער וועלען עס זײַן?

---

*) נאָכדעם אָבער, ווי דיזע שורות זענען געשריבען געוואָרען, האָט זיך די לאַגע פֿון דיזען פֿעראיין ראַדיקאַל געענדערט; נישט קוקענדיג אויף די פּיעלע רדיפֿות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פֿון פֿערשיעדענע זײַטען — הויפּטזעכליך פֿון די קרעמער־קאָנקורענטען, וועלכע האָבען זיך נישט אָבגעשטעלט פֿאַר פֿאַלשע מסירות און פּיזישע געוואַלד־טהאַטען — שטעהט איצט דער פֿעראיין שוין פֿעסט אויף זײַנע פֿיס. ער האָט אַ קאַפּעע־הויז, וואָס האָט אין די לעצטע עטליכע חדשים געגעבען אַ שענע פֿאָר הונדערט רובל ריוח; ער גרייט זיך צו עפֿענען אַ רעסטאָראַן, אַ שוך־אָבטיילונג, אַ בילדונגס־אָבטיילונג א. א. וו.

